ש. ז. שרגאי



# ייִדישע שמועסן

פֿאַרלאַג אונזער וועג פּאַריז

1969

ז. ש. שרגאי

# יידישע שמועסן

פאַרלאַג „אונזער וועג", פּאַריז

# פאָרוואָרט

„שיחתן של ישראל תורה היא" — שמועסן פון
ייִדן איז תורה.

(שו"ט תהלים ב')

איינהערנדיק זיך אין די יידישע שמועסן וואָס ווערן איצט פאָרעפנטלעכט אין דער בראָשור „יידישע שמועסן", זעענדיק און הערנדיק ווי יידן מאַטערן זיך און ווילן דערגיין דעם תכלית פונעם מענטש, קיום פון יידישן פאָלק, מדינת ישראל, אַלגעמיין־מענטשלעכע מאַטערנדיקע פראַגן פון גוטס און שלעכטס, און מען זוכט דעם וועג, ווי אַזוי אַרויסצוגיין פון דער פינצטערניש צו דער ליכטיקער שיינער וועלט אַזוי ווי דער רבונו של עולם האָט זי באַשאַפן; איינהערנדיק זיך אין שמועסן ווו יידן זוכן און מאַטערן זיך מיט זיך אַליין, זיך זעלבסט גוט צו מאַכן — האָט זיך דערמאָנט וואָס די חז"ל זאָגן אונז, אַז שמועסן פון יידן איז תורה... נישט בחנם רופט מען דעם רבינס תורה ביי די שבת־דיקע און יום־טובדיקע טישן: שמועסן.

שמועסן האָט אין זיך אַ גרויסע מעלה. ווען מען שמועסט זיך דורך ווערט מען נעגטער איינער צום צווייטן. „בסוד שיח", אין סוד פון שמועסן צווישן זיך, דורכשמועסן זיך — קען מען דערגרייכן צו „שרפי־קודש"... צוויי יידן שטייען צוזאמען און שמועסן זיך דורך איינער מיטן אַנדערן, איינער נעבן אַנדערן, נישט איבער דעם צווייטן — איז עס אַ שם... און די שכינה רוט צווישן זיי.

אפילו דעם שכר פון אַ „שיחה־נאה" איז דער רבונו של

עולם נישט מקפח. וואָס הייסט אַ „שיחה־נאה״? אַ שמועס וואָס מען קען עפּעס לערנען פונעם שמועס. אַ גוט וואָרט, אַ שיינער געדאַנק. דעריבער אפילו „שיחת־חולין״ פון אַ תלמיד־חכם דאַרף מען לערנען. עס האָט אין זיך עפּעס פון תורה, פון רוח־הקודש.

***

איבערגעבנדיק צום לייענער די בראָשור פון „יידישע שמו־עסן״ — האָף איך, אַז אויב זיי זיינען נישט קיין תורה, זיינען זיי לפּחות „שיחה־נאה״, פון וואָס דער לייענער וועט קענען האָבן אַ הנאה רוחנית.

יהי רצון!

***

ביי דער געלעגנהייט האַלט איך פאַר מיין חוב מכיר־טובה זיין מיין פריינט מנחם סאָקאָל, יו״ר פון תורה ועבודה אין טאָ־ראָנטאָ — קאַנאַדע, וואָס אויף זיין איניציאַטיוו און מיט זיין מיטלף דערשיינט די בראָשור „יידישע שמועסן״. יישר־כוח!

איך דריק אויס אַ גרויסן דאַנק דעם מאָלער פון נשמה און גייסטיקייט ה׳ בען פאַר זיין פּרעכטיקן צייכענען פון דער הילע. כיד ד׳ הטובה עליך.

אַ באַזונדערן יישר־כוח מיין פריינט שלום קלינגער, רע־דאַקטאָר פון „אונזער וועג״ און אַלע רעדאַקציע־מיטגלידער, וואָס אַ דאַנק זיי דערשיינט שוין דאָס דריטע בוך. פריינט קלינגער האָט נישט געשפּאָרט קיין מי און צייט, אַז די בראָשור „יידישע שמועסן״ זאָל דערשיינען.

ועוד היד נטויה.

**שזי״ש.**

ירושלים המשוחררת, ראש־חודש אדר תשכ״ט.

## מינוטן פון אייביקייט...

„ועתה נאספו עליך גוים רבים האומרים: תחנף ותחז בציון עינינו. והמה לא ידעו מחשבות ד׳ ולא הבינו עצתו כי קבצם כעמיר גרנה...״

(מיכה, ד״א, יב)

און איצט, זאָגט דער רבונו של עולם, האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף דיר אַ סך פעלקער, וועלכע זאָגן אַז דאָס יידישע פאָלק האָט זיך פאַרזינדיקט און אונזערע אויגן וועלן זען דעם חורבן פון ציון. זיי, די פעלקער, האָבן אָבער נישט געוווּסט ג־טס מחשבות און נישט פאַרשטאַנען זיין עצה, אַז ער האָט די אַלע פאַר־זאַמלט בכוונה אַזוי ווי מען פאַרזאַמלט בינטלעך תבואה אין שייער אַריין...

(פרייע פאַרטייטשונג)

## „הם כל בשר״...

עס זיינען דאָ מינוטן אין דער בריאה, אין דער מענטש־לעכער היסטאָריע, פון וועלכע די אייביקייט זעלבסט זויגט פון זיי. אַזעלכע מינוטן זאָגן אויך עדות אויף דער אייביקייט. יעדע

מינוט איז אייביקייט. אויף די אייביקייטס־מינוטן איז געזאָגט: „לכו חזו מפעלות ד׳״, אפילו ווען די מינוטן האָבן מיט זיך געברענגט נישט בלויז גוטס; אפילו ווען „אשר שם שמות בארץ״...

אזעלכע מינוטן וועלכע עס איז נישטאָ קיין ווערטער ווי אזוי זיי אָנצורופן און זיי באַגרייפן צוליב זייער קדושה און הויכקייט, אזעלכע מינוטן זיינען אַ ווענד־פונקט אין דער גאַנצער מענטשלעכער היסטאָריע; אין אַזעלכע מינוטן קומט צו דער אַנטפּלעקונג די ג־טלעכקייט, וועלכע פילט אָן די גאַנצע בריאה; זי נעמט אָן די מענטשהייט ביי די האָר פון קאָפּ, זי זאָל זען „כי יש אלקים שופטים בארץ״; אין אַזעלכע מינוטן זאָגט די ג־טלעכע אייביקייט אויף זיך עדות אין דער בחינה פון „וייראו ויאמינו״, אז עס איז נישטאָ קיין צופאַל... נאָר, אז אַלץ איז „עלה במחשבה תחילה״, אפילו ווען עס האָט זיך געדאַכטן אַז „ונחשבנו כצאן לטבח יובל״, ווייל אַ סך פעלקער האָבן זיך אויף אונז פאַרזאַמלט. אויך דעמאָלט איז געווען אַ „חשבון״ כדי עס זאָל בולטער זיין די ישועה און עס זאָל זיך פאַרשטאַרקן די אמונה: „וירא ישראל את היד הגדולה אשר עשה ד׳ במצרים וייראו העם את ד׳ ויאמינו בד׳ ובמשה עבדו״.

אין אַזעלכע אייביקייטס־מינוטן איז „הס כל בשר מפני ד׳ כי נעור ממעון קדשו״, צו העלפן דעם יידישן פאָלק. אויף אַזאַ הייליקן מאָמענט איז נישטאָ קיין ווערטער. די גרויסקייט פון דעם מאָמענט איז אינעם מאָמענט אַליין; אין דעם וואָס עס געשעט, און ווייל דאָס איז אַ געטוענע געשעעניש, איז „הס כל בשר״. דער מענטש האָט נישט פאַר זיי קיין ווערטער...

## דער נס פון כוסיין...

מיר, און נישט בלויז פרעמדע לענדער, האָבן נישט געוווסט און נישט פאַרשטאַנען דאָס אַרויפכאַפּן זיך פון כוסיין אויף דער נאַסערישער „עגלה" און זיך אַריינוואַרפן אין א מלחמה מיט מדינת ישראל, מיטן יידישן פאָלק. אָבער „לב מלכים ושרים ביד ד'". און איצט הויבן מיר אָן צו פאַרשטיין, אז דאָס איז געווען די השגחה „כי קבצם כעמיר גרנה", כדי דורך דעם זאָל באַפרייט ווערן דאָס אמתע ירושלים און דער מקום הקודש והמקדש זאָל זיך ווידער געפינען אונטער אַ „שלטון יהודי" אלס נאָך אַ שריט אין דעם תהליך הגאולה, אין דעם גאולה־פּראָצעס. ביז מיר וועלן זוכה זיין צו דעם בנין בית הבחירה און ביאת המשיח. דערווייל האָבן מיר זוכה געווען צוריק צו באַקומען דעם כותל המערבי, שריד בית מקדשנו, וועלכער איז נייַנצן הונדערט יאָר געווען אונטער פרעמדער הערשאַפט.

## איצט איז ארץ־ישראל — מדינת ישראל

ביז איצט איז מדינת ישראל געווען אין ארץ־ישראל, אין א חלק פון ארץ־ישראל. איצט, ברוך השם, האָבן מיר זוכה געווען אז ארץ־ישראל, דאָס הייסט, דער גאַנצער מערבדיקער טייל פון ארץ־ישראל איז מדינת ישראל.

ביז איצט האָבן מיר נישט געהאַט קיין נאַטירלעכע גרענעץ מיט עבר הירדן, היינט האָבן מיר זוכה געווען צו אַ נאַטירלעכער גרענעץ, דער ירדן איז די גרענעץ.

ביז איצט איז די גרענעץ מיט עבר הירדן געווען אין אַ לענג פון פינף הונדערט קילאָמעטער, איצט נאָר הונדערט קילאָ־מעטער.

## גאַנץ ירושלים — די רעזידענץ

ביז איצט האָט זיך אונזער עיר בירה, אונזער רעזידענץ, געפונען אין אַ טייל פון ירושלים. איצט איז גאַנץ ירושלים, ירו־שלים השלימה, המאוחדת, די בירה, די רעזידענץ פון מדינת ישראל.

## די איינהייט פון יידישן פאָלק

אַזוי ווי עס זיינען נישטאָ קיין ווערטער צו פאַרשטיין מיטן מענטשלעכן שכל דעם סטראַטעגישן נס הנצחון, וואָס אפילו ווי דער רמטכ״ל יצחק ראַבין האָט געזאָגט, אַז דער נצחון שטייגט איבער אַלע אָפּטימיסטישע אויסרעכענונגען — אַזוי איז נישט צו פאַרשטיין די גרויסע אחדותדיקע התלהבות וועלכע האָט אַרומ־געכאַפּט דעם גאַנצן יידישן ישוב אין מדינת ישראל, צוזאַמען מיט די יידן אין דער גאַנצער וועלט.

די האַרציקע איינִיקייט צווישן דעם גאַנצן וועלט־יידנטום מיט יידן אין מדינת ישראל און מיט מדינת ישראל, מאַכט אַ סוף מיט דער כנענישער טעאָריע וועגן צוויי פעלקער, אַ ישראלי פאָלק אין מדינת ישראל און אַ יידיש פאָלק אין דער גאַנצער וועלט; די טעאָריע, וועלכע פרווּט צו מאַכן אַ חילוק צווישן ישראלים און יידן.

עס האָט זיך ווידער אַנטפּלעקט אין גאַנצן גלאַנץ די יידישע אחדות, די יידישע איינִיקייט; די אחדות פונעם יידישן פאָלק און זיין צוגעבונדנקייט צו ארץ־ישראל.

לאָמיר האָפן, אַז אַזוי ווי עס האָט זיך אַנטפּלעקט דער אמת

פון עם אחד, וועט מען אַלע אָנהויבן פילן אַז דער עם אחד האָט נאָר איין תורה און איין לאַנד, און ער וועט זיך באַפרייען פון פרעמדע תורות און פון פרעמדע לענדער.

## די מאַמע רחל וויינט נאָך...

האָבן רעדנער און דרשנים דעם שבת אין זייערע רעדעס און דרשות געוואָלט אונז אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז עס איז שוין מקויים געוואָרן די נבואה פון רבונו של עולם דורך דעם נביא ירמיהו צו דער מאַמע רחל: „מנעי קולך מבכי ועיניך מדמעה", דורך דעם וואָס די טויערן פון קבר רחל זיינען שוין ווידער אָפן פאַר יידן אין מדינת ישראל און פאַר יידן אין דער גאַנצער וועלט, ווו זיי וועלן ווידער קענען רופן די מאַמע רחל, זי זאָל וועלטן איינליינגן פאַר ישועות ונחמות פאַר יידן.

עס איז אָבער נאָך ווייט פון דעם. מילא, אַז יידן וועלכע זיינען עולה געווען און לעבן אין מדינת ישראל, קענען זיין שותפים צום כביכול און בעטן די מאַמע רחל: „מנעי קולך מבכי", ווייל זיי האָבן מקיים געווען די צווייטע העלפט פון דער הבטחה פון רבונו של עולם: „ושבו בנים לגבולם"; זיי זיינען צוריקגעקומען אַהיים צו דער מאַמע רחל, צו דער מאַמע ציון, זיי קענען דעריבער זאָגן דער מאַמע רחל: „מנעי קולך מבכי ועיניך מדמעה" — וואָס האָבן אָבער צו זאָגן דער מאַמע רחל די יידן וועלכע קענען עולה זיין, האָבן די מעגלעכקייט זיך דאָ איינצוואָרדענען אפילו אָן דער הילף פון סוכנות און מדינת ישראל, און דאָך לאָזן זיי זיך באַגנוגענען מיט קומען צום קבר רחל און זי בעטן „מנעי קולך מבכי". ווי אַזוי קען די מאַמע

רחל אויפהערן צו וויינען, ווען אירע קינדער זיינען נישט מקיים די הבטחה פון רבונו של עולם: „ושבו בנים לגבולם"...

ניין. די מאמע רחל וויינט ווייטער און נאך מער ווי ביז איצט. ווייל היינט האבן דאך יידן נישט קיין שוועריקייטן עולה צו זיין. באזונדערס פון די לענדער ווו עס זיינען נישטא קיין שום שוועריקייטן ארויסצופארן פון דארט, ווי צפון־אמעריקע, דרום־אמעריקע, אייראפע, דרום־אפריקע א. א. וו. באזונדערס איצט, ווען גרויסע שטרעקעס לאנד אין ארץ־ישראל רופן צו באזעצן זיי מיט יידן; זיי אויפצובויען מיט יידישע הענט: צו פארטרייבן פון זיי די וויסטקייט און די ווילדקייט. דאס מוז און קען געמאכט ווערן נאר דורך יידן, דורך יידן מיט פאכמענישער אויסבילדונג, אקאדעמיקער א. א. וו. באזונדערס ווערט צו דער אויפבוי־ארבעט גערופן די יידישע יוגנט וועלכע לעבט אין פרעמדע לענדער און וועלכע האט ארויסגעוויזן אזוי פיל התלהבות און חלוצישע גרייטקייט צו העלפן מדינת ישראל, אין אפשטויסן דעם פאראייניקטן אראבישן אנגריף — פאר וואס זאל די יוגנט נישט קומען אין לאנד מיט דער זעלבער התלהבות און העלפן דער גרויסער חלוצישער אויפבוי־ארבעט פון באזעצן ריזיקע שטחים, וועלכע פאדערן נישט קיין בלוט־פארגיסונג, נאר שעפערישע אויפבוי־ארבעט און וועלכע אנטהאלט אין זיך די גרויסקייט און אייביקייט פון זיין א שותף צו דעם גאולה־פראצעס וועלכן מיר זעען מיט אונזערע אויגן?...

באזונדערס איז דאך עלייה איצט געווארן א לעבנס־פראגע פון זיכערקייט פון מדינת ישראל. דורך דעם וואס מיר האבן זוכה געווען צו גאנץ מערב ארץ־ישראל, צו גאנץ ירושלים — איז

מדינת ישראל פאַרמערט געוואָרן כמעט מיט א מיליאָן אַראַבער. אַזוי אַז אויף קנאַפּע צוויי און אַ האַלבן מיליאָן יידן און איבער דריי הונדערט טויזנט אַראַבער אין מדינת ישראל, איז איצט דאָ אַ מיליאָן מיט דריי הונדערט טויזנט אַראַבער. וואָס דאָס באַדייט דאַרף מען נישט מסביר זיין. וואָס דאָס וועט הייסן אין צען יאָר אַרום איז אוודאי קלאָר...

די פראַגע פון אַ גרויסער, שנעלער עלייה און אַ גרויסער יידישער אויפבוי־אונטערנעמונג פון באַזעצן אונזער אַלט־ניי ירו־שלים, און די וויסטע לײדיקע שטרעקעס אַרום ירושלים: בית לחם, חברון א. אַ. וו. — איז אַ לעבנס־פּראַגע נישט קיין מליצה.

✶

די מאַמע רחל קען זיך דעריבער נישט טרייסטן. זי קען נאָך נישט אויפהערן וויינען, ווייל מיר זיינען נישט מקיים ווי געהעריק, אין די גרויסע מאַסן דעם „ושבו בנים לגבולם"...

וועלן מיר מקיים זיין, ווי עס דאַרף צו זיין דעם „ושבו בנים לגבולם" אין גרויסע מאַסן, דאַן וועט די מאַמע רחל אויפהערן צו וויינען...

## די מאַמע רחל וואַרט אויף אייך!

פרומע יידן דאַרפן איצט אוודאי זיין די ערשטע עולה צו זיין אין גרויסע מאַסן. זיי האָבן געזען די נסים עין בעין. זיי האָבן דאָך געזען די התגלות פון רצון הבורא צוצואיילן די גאולה און איצט איז עס דאָך אין אונזערע הענט ממשיך צו זיין דעם רצון פון בורא דורך מקיים זיין די צוואה פון תנא רבי עקיבא:

„בואו ומלאו את הארץ תורה!” פאַרוואָס זאָלן פרומע יידן מאַכן זיך נישט זען די נסים ונפלאות וועלכע מיר האָבן געזען עין בעין, ווי צה”ל האָט פאַריאָגט דעם שונא נישט בלויז מיט טאַנקן און אַעראָפּלאַנען, נאָר אויך מיטן רצון הבורא; פאַרוואָס מאַכן זיך פרומע יידן נישט הערן דעם רוף פון כביכול: „ושנת גאולי באה”? איז דאָס דער ענטפער פון יידישע מאַסן, פרומע יידן אויף דעם חסד פון רבונו של עולם און אויף דער מידת הרחמים צו וועלכער מיר האָבן זוכה געווען?

איצט דאַרפן אַלע פרומע יידן זיך צוהערן צו דעם רוף פון דער מאַמע רחל און צו איר געוויין, מקיים צו זיין דעם „ושבו בנים לגבולם”.

לאָזט נישט מער דער מאַמע רחל וויינען! שטעלט אָפּ אירע טרערן! לאָזט זי נישט אַליין! קומט אהיים!

# קומט און זעט...

„לכו־חזו מפעלות השם"

(תהלים מו־ט)

## יעדער פּסוק האָט זיך זיין צייט...

די אייביקייט פון דער תורה איז אין דעם, וואָס יעדער פּסוק, אין וועלכן מען מאַטערט זיך צייטן אים צו פאַרשטיין, קומט א צייט ווען מיט איינמאָל ווערט ער קלאָר, און אַלע דוחק־פּירושים פאַלן פון זיך אַוועק און אַלץ ווערט קלאָר אָן קשיות, אָן דוחק פּירושים. און נישט בלויז יעדער פּסוק נאָר אויך יעדע דברי תורה, יעדער רעיון האָט זיך זיין צייט. נאָך מער: דער פּירוש פון פּסוק, אָדער בכלל דברי תורה, אָדער א געדאַנק ווערט קלאָר ווען עס קומט זיין צייט, ווען דער דור דאַרף האָבן דעם פּסוק און אים פאַרשטיין, אָדער דער דור דאַרף האָבן דעם געדאַנק פאַר זיין ווייטערדיקער עקזיסטענץ...

וויל מען פאַרשטיין דאָס קאַפּיטל תהלים מו' „למנצח לבני־קורח על־עלמות שיר" און דעם פּסוק „לכו חזו מפעלות השם" — קומט און זעט דעם גאַנצן שטח פון דער גדה המערבית מיט ירושלים אין צענטער, וואָס מיר האָבן זוכה געווען צו באַפרייען און צוריקצוגעבן דעם יידישן פאָלק נאָכדעם ווי צוויי טויזנט יאָר איז עס געווען אין פרעמדע הענט; גייט און זעט די הרי־

גולן, אָדער ווי מען רופט עס, די „רמה" ביז קונייטרא, זעט מען וואָס הייסט „מפעלות ד'" ווען „ד' צבאות עמנו".

קיין שום סטראַטעג קען נישט דערקלערן, ווי אַזוי מיר האָבן געקענט איינבערעכן די סירישע פעסטונגען אויף דער רמה. יעדע פינף מעטער כמעט, אויף אַ טיף פון איבער צוואַנציק קילאָמעטער איז געווען אַ פעסטונג, כמעט נישט זעבאַר. בונקערס באַהאַלטענע מיט הארמאַטן אינעווייניק און אַנדער געווער, וואָס קיינער קען נישט מסביר זיין, אַז בלויז מיט מיליטערישן כוח איז דאָס געלונגען צו באַזיגן.

קומט און זעט די „מפעלות ד' אשר שם שמות בארץ": אַז צה"ל האָט גובר געווען נישט בלויז בחיל ובכוח, נאָר ברוח, רוח ד' צבאות, וואָס האָט זיי באַגלייט. קומט און זעט, וועט איר פאַרשטיין דעם פשוטן פשט פון דעם פסוק (זכריה ד־ו): „לא בחיל ולא בכוח כי אם ברוחי אמר השם צבאות". דער רבונו של עולם האָט באַגלייט צה"ל אין זיין שווערן געראַנגל מיטן שונא, וואָס איז געווען פיל מער מיט מענטשן, מיט געווער, מיט פעסטונגען, אָבער דער רוח השם צבאות איז געווען מיט צה"ל.

קומט און זעט ג־טס וווּנדער...

## פרשת עכן...

ווילט איר פאַרשטיין די צוויי פּרקים ו־ז אין ספר יהושע און די מעשה עכן, דאַרף מען זיך צוהערן צו אַן ענלעכער מעשה אין אונזערע טעג אין מדינת ישראל.

צבא ההגנה לישראל האָט אַרויסגעגעבן אַ שטרענגע פאַר־

אָרדענונג, אַז דאָס מיליטער זאָל חלילה נישט פאַרשווענכן די „מלחמת הגנה” דורך צונעמען פרעמד פאַרמעגן, אַראַביש פאַר־מעגן אין די באַפרייטע ערטער, צו די אַראַבער זיינען געבליבן אין זייערע היימען, סיי זיי האָבן פאַרלאָזט זייערע היימען און איבערגעלאָזט זייער פאַרמעגן אויף הפקר...

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז עמעצן פון מיליטער האָט זיך אין אַ באַפרייטער שטאָט, וווּ אַ טייל אַראַבער האָבן פאַרלאָזט זייערע געשעפטן אויף הפקר און אַנטלאָפן — פאַרגלוסט צו נעמען אַ זייגערל.

די זאַך איז נישט געבליבן קיין סוד. און דער חייל איז אין עטלעכע שעה געשטעלט געוואָרן פאַר אַ קריגס־געריכט.

דער מיליטערישער שופט האָט נישט געזאָגט קיין מוסר דעם חייל, האָט פאַר אים נישט פאָרגעלייענט פאַראַגראַפן פון קריגס־קאָדעקס, נאָר האָט פאַר אים פאָרגעלייענט אין דער אָנוועזנהייט פון קריגס־געריכט און חיילים, די צוויי קאַפּיטלעך ו־ז אין יהושע, די פּרשת עכן.

דער חייל, וועלכער איז נכשל געוואָרן, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פאַרשעמט...

דער שופט האָט זיך צו אים אָנגערופן פאָטערלעך־האַרציק: בעצם קומט פאַר דעם דיר זייער אַ גרויסע שטראָף. איך נעם אָבער אין באַטראַכט, אַז בשעת מעשה האָסטו פאַרגעסן דאָס קאַפּיטל ו־ז אין ספר יהושע און ביזט נכשל געוואָרן מתוך שכחה. דעריבער גיב איך דיר די מינימאַלסטע שטראָף, און דו קענסט דיך ווענדן צום הויפּט־קאָמאַנדיר און בעטן באַגנעדיקונג. איך וועל גרייט זיין ממליץ צו זיין. אָבער דו דאַרפסט אויף דיר נעמען

צו לערנען יעדן טאָג אַ קאַפּיטל תנ״ך, וועסטו נישט נכשל ווערן להבא...

ווו האָט איר אַזעלכע גענעראַלן ? ; ווו האָט איר אַזעלכע חיילים, וואָס זאָלן מעניש זיין מיט אַ קאַפּיטל תנ״ך ?... דערמאָנט דאָס נישט ווי חסידישע רביים פלעגן אַרויסגעבן אַ תשובה פון לערנען נאָך אַ בלאַט גמרא ?... זיינען די מיליטערישע שופטים נישט אייניקלעך פון יענע חסידישע רביים ? —

קומט, זעט און הערט די אייביקייט פון אונזער ספר־הספרים, ווי זי היט אויף אונז אַז אפילו בשעת מלחמה, זאָלן מיר נישט פאַרלירן דעם צלם אלקים...

## מיר און זיי...

אַן אַראַבישע משפחה, וועלכע האָט פאַרלאָזט איר וווינונג צוזאַמען מיטן אַראַבישן מיליטער און איז דערנאָך צוריקגעקומען, האָט דערקלערט : מיר ווילן נישט לייקענען, ווען מיר וואָלטן מנצח געווען, וואָלטן מיר אייך אַלע אויסגעשאָכטן, דעריבער זיינען מיר געווען זיכער, אַז איר וועט מיט אונז אויך אַזוי טאָן. דעריבער זיינען מיר אַנטלאָפן. איצט אָבער, אַז מיר האָבן געהערט, אַז איר גיט אונז די מעגלעכקייט צוריקצוקומען און נישט צוגע־נומען אונזער פאַרמעגן, זיינען מיר צוריקגעקומען, כאָטש מיר פאַרשטייען אייך נישט...

יאָ, זיי קענען דאָס נישט פאַרשטיין : „צו לעבן און לאָזן לעבן״ איז קעגן זייער גאַנצער וועלט־אויפפאַסונג פון „ידו בכל״...

קומט און זעט דעם אונטערשיד...

# וויסטע שטחים...

פאָרט מען צענדליקער קילאָמעטער אין די באַפרייטע שט־חים, וואַסער און וואַסער און דאָך, אויסער אויסנאַמען, וויסטע שטחים. און דאָס האַרץ טוט וויי: פאַרוואָס זאָל דער באָדן זיין וויסט? מיר זיינען הונגעריק אויף אַ שטיקל ערד און דורשטיק נאָך אַביסל וואַסער און דאָ ליגן גאַנצע שטחים פון אונזער לאַנד, וויסטע אין פרעמדע הענט, ווייל אַזוי ווילן זיי. נישט אפילו ווייל זיי דאַרפן דעם באָדן. אויסער אונזער באָדן אפילו לויט די מאַנ־דאַטאָרישע גרענעצן, האָבן זיי גרויסע שטחים מיט וואַסער, וועלכע ליגן וויסט, נישט באַאַרבעט און די באַפעלקערונג הונגערט. דאָך פאַרגינען זיי נישט אונז, אַז מיר זאָלן אונזער באָדן באַאַר־בעטן, אים באַפרייען פון דער וויסטעניש, און געבן שפּייז און לעבן טויזנטער, טויזנטער יידישע פאַמיליעס, וועלכע לעכצן צו באַאַרבעטן זייער שטיקל באָדן און נהנה זיין פונעם וואַסער — ג־טס ברכה.

קומט און זעט זיי ווילן מדבר, חורבן. מיר ווילן בויען און שאַפן...

# אַ בית־הכנסת אין קונייטראַ

קומט מען אַריין אין דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער צה"ל־מפקדה אין קונייטראַ, גייט מען פאַרביי פאַר אַ צימער, שטויסט מען זיך אָן אויף אַן אויפשריפט: בית־הכנסת. אַ סימן, אַז עס זיינען דאָ דאַוועגער...

פאַרגלוסט זיך, ווייזט אויס, עמעצן פון די דאַוועגער און

לעבן דער אויפשריפט בית־כנסת, איז דאָ נאָך אַן אויפשריפט: דאָ איז געזעסן דער פּאַרטרעטער פון אָנ"ו, וועלכער האָט גע־דאַרפט אַכטונג געבן, אַז די סיריער זאָלן אָפּהיטן דעם הסכם פון וואָפנשטילשטאַנד. אָבער ער איז געווען אין דער מדרגה פון „פה להם ולא ידברו, עינים להם ולא יראו, אזנים להם ולא ישמעו"... פאַר דעם, היינט דאַווענען מיר דאָ צו „ואלקינו בשמים כל אשר חפץ עשה" און ער האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן דאַווענען צו ג־ט אין הימל, וואָס הערט און זעט...

קומט און זעט, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון אונזערע בתי־מדרשים און וואָס מיר האָבן געמאַכט פון זייערע פאַרניכטונגס־פעסטונגען...

## שער הרחמים...

נייען יידן אַרום דער חומת ירושלים און שטויסן זיך אָן אין „שער הרחמים", וועלכע, לויט דער מסורה: ווען דער שער וועט געעפנט ווערן וועט מען זוכה זיין צו דער גאולה שלימה.

פרעגן יידן: פאַרוואָס האָט צה"ל געעפנט אַזוי פיל טויערן און דווקא נישט דעם טויער פון רחמים? ענטפערט אַ ירושלימער ייד, דעם שער הרחמים טאָר מען נישט עפענען מיט טאַנקן און האַרמאַטן... דער שער הרחמים בעט זיך: האָט רחמנות אויף מיר... אין זכות פון מידת הרחמים, וואָס מען וועט אָפּהיטן דעם מויער, נישט עפענען אים מיט טאַנקן, וועט מען זוכה זיין צו דער גאולה שלימה. נאָך אַ זאַך זאָגט דער ייד: לעבן דעם שער הרחמים איז אַ שטיקל פון דער חומה דאָס איינציקע איבערבליי־בעניש פון בית־שני און מיר טאָרן דאָס נישט צעשטערן...

יידן זיפצן שווער אָפּ, און הויבן אָן זאָגן מיט גרויס כוונה:
„פתח לנו שער — מדת הרחמים עלינו התגלגלי — רחם נא — שערי שמים פתח — תושיע וריב אל תמתח, והושיענו אלקי ישענו". און קהל האָט געענטפערט מיט גרויס כוונה: ד' היה עוזר לנו!".

קומט יידן, זעט און הערט און איר וועט האָבן נחת פון זיך, פון אונז און פון רבונו של עולם... און איר וועט אויסרופן מיטן גאַנצן כלל ישראל: ד' הוא האלקים!

# „אתחלתא דתשובה" און „אתחלתא דגאולה"

„ובקשתם משם את ד' אלוקיך ומצאת, כי תדרשנו בכל לבבך ובכל נפשך".

(דברים ד׳ כ״ט)

אזוי הייבט עס זיך אָן: מען ווענדעט די אויגן דאָרטן אהין. צו דער פרעמד. די אייגענע היים ווערט נמאס. עס הויבט אָן צו לאָקן די פרעמד. די גרויסע וועלט. מכלומרשט וויל מען זיך בלויז באַקענען מיט דער גרויסער וועלט. לערנען פון אַנדערע, וואָס עס טוט זיך ביי פרעמדע. מיט דער צייט פרעמדעט מען זיך אָפּ פון דעם אייגענעם, דאָס אייגענע ווערט פאַרפרעמדט, און א שיינעם פרימאָרגן הויבט מען זיך אויף און מען דערקענט זיך נישט. מען איז אַן אַנדערער, מען איז נישט וואָס מען איז געווען, מען איז אַ פרעמדער אין דער אייגענער היים. אין דער צייט ווען מען איז בלויז געגאַנגען מכלומרשט זען וואָס עס טוט זיך ביי אַנדערע, אין דער פרעמד — האָט מען דערווייל פאַרלוירן דאָס אייגענע און מען איז געוואָרן פאַרפרעמדט צו זיך.

און נישט בלויז מען איז געוואָרן פאַרפרעמדט צו זיך, נאָר די אייגענע היים ווערט פרעמד. ווען די אייגענע היים ווערט פאַרפרעמדט צו זיך — פילט מען נישט מער צו איר קיין פאַר־בינדונג און ווען דער שונא פאַלט אין אַ שיינעם פרימאָרגן אָן,

האָט מען נישט מער קיין גייסטיקן כוח זיך אַנטקעגנצושטעלן, און אַזוי הויבט זיך אָן גלות...

★

אַלע אונזערע נצחונות אין אונזער גאַנצער היסטאָריע זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער פּאָן וועלכע די קעמפער האָבן אויפגעהויבן קעגן שונא, וואָס האָט אונז געוואָלט מאַכן פאַר אַנדערע, פאַר פרעמדע צו זיך אַליין; אין יעדן קאַמף האָבן מיר געטראָגן די פּאָן פון אַנדערשקייט, פון גלויבן אין אַן אַנדער וויזיע, וועלכע איז פרעמד די אַנדערע.

★

אפילו אין דעם לעצטן באַפרייאונגס־קריג, אין דער מלחמה פאַר דעם ווידער־אויפבוי פון אַ יידישער מדינה, האָבן די פּאָליטישע פירער גערעדט, אַז מדינת ישראל וועט זיין די טרעגערין און די פאַרווירקלעכערין פון „חזון הנביאים" א. א. וו. כאָטש מדינת ישראל איז זייער וייט פון דעם. אָבער דאָס איז געווען דער גייסטיקער כוח אויסער „אין ברירה"; אפילו היינט רעדט מען וועגן „יעורי הנביאים" און „אור לגויים", כאָטש דאָס איז זייער פאַרנעפּלט. מען ווייס נאָך אַליין נישט וואָס עס מיינט אין טאָג־טעגלעכן לעבן „יעורי נביאים" פאַר אונז. מען רעדט שוין וועגן „אור לגויים" און מען ווייסט אַליין נישט וואָס פאַר־אַ „ליכט" וויל מען אָנצינדן אין דער פינצטערניש ביי די גויים. אַדמיניסטראַטיווע, טעכנישע, וויסנשאַפטלעכע אויפטועך — זיינען פאַראַן ביי אַ סך גויים מער ווי ביי אונז. אָבער וויכטיק איז נישט צי די יעניקע, וואָס רעדן וועגן „חזון נבואי" ווייסן גענוי וואָס

זיי מיינען — וויכטיק איז, וואָס אפילו די יעניקע, וועלכע ווייסן נישט קלאָר וואָס איז „חזון נבואי", „אור לגויים" א. אַ. וו. פילן, אַז אויב נישט עפּעס ספּעציעלעס, אַנדערש פון אַנדערע, אַנדערש ווי מיר זיינען געווען אין דער פרעמד — האָט אונזער מדינה נישט קיין שום אינהאַלט, קיין שום זין.

✶

אויך דער יחיד, דער איינצלנער מענטש אין זיין פּריוואַטן לעבן, אין זיין רשות היחיד — שטייט נישט איינמאָל פאַר דער לאָקונג פון דעם וואָס עס טוט זיך ביי אַנדערע ; פון דעם וואָס איז פרעמד פון אים, און נישט איינמאָל ווערט מען פאַרפרעמדט צו דעם אייגענעם איך און מען דערקענט זיך נישט מער.

משל למה הדבר דומה : איינער וואָס איז געבוירן מיט אַ קינסטלערישער נשמה און דאָס איז זיין „איך", איז צוליב פאַר־שידענע סיבות געוואָרן אַ בויער אָדער אַ סטאָליאַר. אוודאי קען ער אויך פאַרדינען זיין פּרנסה ביי בויעריי אָדער סטאָלעריי און אפשר נאָך בעסער ווי אַלס קינסטלער — אָבער זיין אייגענעם איך האָט ער פאַרלוירן. ער האָט אויפגעהערט צו זיין ער ; ער האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. עס איז פון אים געוואָרן אַן אַנדערער.

✶

וואָס איז די עצה, ווען מען ווערט אַן אַנדערער, ווען מען ווערט אַ פרעמדער צו זיך אַליין ? די עצה איז : „ובקשתם משם", איר זאָלט זיך פון דאָרט, פון דער פרעמד, זאָלט איר זוכן אייער ג־ט, דעם אייגענעם ג־ט. אנערקענען, אַז די אַנדערע געטער זיינען

נישט בלויז פרעמדע, נאָר זיינען בכלל נישט קיין גאָט, יעדנפאַלס נישט פאַר אים און נישט פאַר זיין אייגענעם פאָלק.

מיט דעם מאָמענט ווען מען הויבט אָן צו פילן, אַז „דאָרט" איז אַלץ פרעמד; אַז דאָרט איז נישט דאָס „אייגענע", איז נישט די אייגענע היים, איז מען נישט וואָס מען איז; אַז דאָרט האָט מען פאַרלוירן דעם אייגענעם איך — דאַן הויבט זיך אָן דער וועג פון תשובה.

✶

און דאָס איז נישט פון די לייכטע זאַכן — דער וועג צוריק.

מיט דער צייט, ווען מען איז פרעמד, האָט מען זיך שוין צוגעוווינט צו דער פרעמד און מען האָט שוין מורא פאַר דער אייגענער היים, פאַר דעם אייגענעם איך. מען פרוווט דאַן זיך נאָך מער צו פאַרפרעמדן צו זיך אַליין; מען פרוווט נאָך מער זיך צוצופאַסן צו דער פרעמד — — —

אָבער אין אַ שיינעם פרימאָרגן גיט אַ בליץ אַ ג־טלעכער פונק, און מען זאָגט צו זיך אַליין: גענוג! מען וויל נישט מער זיין קיין פרעמדער; מיטאַמאָל ווערט פלוצים קלאָר, אַז די פרעמדע, צווישן וועלכע מען האָט געוואָלט ווערן אַן אייגענער, האַלטן פאַר אַ פרעמדן... און דאַן הויבט זיך אָן דער וועג צוריק; דאַן הויבט זיך אָן — תשובה!

פריער פאַר אַלץ גייט מען אַהיים. אָבער נישט אַזוי שנעל ווערט מען צוריק אין דער אייגענער היים וואָס מען איז געווען. מען פרוווט נאָך אין דער אייגענער היים אַריינברענגען אַביסל פרעמדקייט, פון וועלכער מען קען זיך נישט אָפּרייסן.

אָבער די צוויי זאַכן: פרעמדקייט אין דער אייגענער היים, קלעבן זיך נישט. דאַן קומט די אמתע תשובה: מען הויבט אָן זוכן מיטן גאַנצן האַרץ צוריק דעם אייגענעם ג־ט און אַז מען זוכט, געפינט מען. יגעת, האָסטו זיך באַמיט צו געפינען — ומצאת, וועסטו געפינען — תאמין, אַז דו ביזט אַ מאמין.

דער צוריק אַהיים איז אַן „אתחלתא דתשובה" און ממילא איז די היים נאָר אַן אתחלתא דגאולה...

✶

איצט שטייען מיר אין דער תקופה פון „אתחלתא דתשובה", דורך קומען צוריק אַהוים, דורך צוריק אויפבויען מדינת ישראל. דאָס ווייזט אַז מען האָט אָנגעהויבן פילן, אַז דאָרט (אין דער פרעמד) זיינען מיר פרעמדע ביי אַנדערע און ביי זיך אַליין אויך. איצט דאַרף קומען די תשובה שלימה, דאָס הייסט, מען דאַרף אָנהויבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז נישטאָ קיין ערגערע זאַך, קיין פאַרקריפּלטע זאַך: ווי צו זיין פרעמד אין דער אייגענער היים.

דער וועג איז: תשובה שלימה און דאַן ממילא: גאולה שלימה.

# דער כוח פון יידישקייט

## (אַ מעשה נורא)

מעשה שהיה. נישט פון פאַרצייטנס. נישט וואָס אַנדערע האָבן דערציילט, נאָר וואָס מיינע אייגענע אויערן האָבן געהערט, און וועלכע קען דינען ווי אַ מוסר־השכל פאַר אַ סך, זייער אַ סך, אויך אין מדינת ישראל.

זיצט אַ ייד קרוב צו פופציק און גיסט אויס זיין ביטער האַרץ אויף דעם, וואָס ס'איז געווען און ער איז מלא שמחה והודיה צום רבונו של עולם פאַר דעם, וואָס עס איז איצט, דערציילנדיק:

„מיט קרוב דרייסיק יאָר צוריק ערגעץ־ווו אין „עק וועלט" האָט מיין פאָטער עובר געווען אַן „עבירה". ער האָט מל געווען יידישע קינדער פון עלטערן, וועלכע האָבן זיך געוואָנדן צו אים און געבעטן ער זאָל זיך מרחם זיין אויף די יידישע יונגע נשמות פון די קינדער און זיי מל זיין, כדי ווען זיי וועלן אויפוואַקסן און גרויס ווערן, זאָלן זיי כאָטש וויסן אַז זיי זיינען קינדער פון יידישע טאַטע־מאַמע.

איין תנאי האָט מיין טאַטע נעהאַט: אַז ביידע עלטערן, דער טאַטע און די מאַמע זאָלן ביידע קומען צו אים אין הויז מיטן קינד און זאָלן זיין אַנוועזנד ביים מל זיין דאָס קינד. לרוב האָט מיין פאָטער מל געווען די קינדער ביינאַכט.

מיין פאָטער האָט זיך נישט געהיטן פאַר מיר (כ׳בין געווען אַן איינציק קינד ביי מיינע עלטערן), ווייל כאָטש איך האָב געהערט צו אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער מען האָט מיך געלערנט פיינט צו האָבן טאַטע־מאַמע און געפאָדערט פון מיר צו דערציילן די „חטאים" פון מיינע עלטערן, בין איך געבליבן טריי מיינע עלטערן און האָב זיי ליב געהאַט אָן אַ גרענעץ. דאָס האָט מיר גאָרנישט געשטערט אין מיין טריישאַפט צו דעם רעזשים. די סיבה: ווייל מיינע עלטערן (בעיקר דער פאָטער) האָבן מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער רעזשים איז איינס פון די וויכטיקסטע שטרעבונגען פון יידן און יידישקייט, נאָר ווייל מיר יידן זיינען אין גלות און האָבן נאָך נישט זוכה געווען צו דער גאולה, איז דאָס אַריינגעפאַלן אין גויאישע הענט, און דעריבער איז דאָס אַ תקופה פון „מאורות לוקין", כאָטש דער רעזשים און די פירער זיינען „מאורות", וועלכע ווילן פאַרלייכטן די וועלט מיט גלייכהייט און גערעכטיקייט — האָט אָבער די וועלט נישט קיין מזל, דעריבער זיינען די מאורות לוקין מיט רודפן יידן און יידישקייט, וועלכע זיינען די ערשטע וועלכע לעכצן, בענקען און האָפן צו אַ רעזשים פון גלייכהייט און גערעכטיקייט, און דאָס וועט אָפּהאַלטן די גאולה, וועלכע דער נייער רעזשים וויל ברענגען דער וועלט.

די רייד פון מיין פאָטער, וועלכע זיינען קיינמאָל נישט געווען קעגן דעם רעזשים און וועלכער האָט אין אַלע צרות געזען אַ מעשה פון שטן כדי אויפצוהאַלטן די גאולה, וואָס דער רעזשים טראָגט אין זיך — זיינען שטענדיק געווען באַגלייט מיט באַווייזן פון דער תורה, און האָט זיך שטענדיק געענדיקט, אַז ווען מיר יידן וועלן זוכה זיין צו קומען צוריק קיין ארץ־ישראל, וועלן

מיר ברענגען די אמתע איבערקערעניש פון אַן אָרדענונג פון יושר און צדק. מיר ייִדן קענען נישט מאַכן איבערקערענישן ביי פרעמדע אין זייער היים, מיר ווילן עס מאַכן אין אונזער היים, אין ארץ־ישראל. גלייכצייטיק האָט ער אין מיר איינגעפלאַנצט, ביי יעדער געלעגנהייט, אַז מיין פליכט איז צו זיין געטריי דעם נייעם רעזשים, ווייל ער וועט פירן סוף כל סוף, אַז מיר ייִדן זאָלן קענען צוריקקומען קיין ארץ־ישראל און דאָרט פאַרווירק־לעכן די אַלע אידעאַלן, וואָס ייִדישקייט טראָגט אין זיך פון ערשטן טאָג. ערהאָט באַדויערט וואָס די גויאישע קעפּ זיינען דאָס נישט תופס. ער האָט מיך געלערנט דריי זאַכן: זיין איבער־געגעבן, טריי און אויספירן אַלע פליכטן פונעם נייעם רעזשים; שטענדיק געדענקען אַז מיר ייִדן דאַרפן שטענדיק שטרעבן צו קומען קיין ארץ־ישראל, ווו מיר וועלן דאָרט איינפירן אַ נייעם רעזשים און אַז איך זאָל יעדן טאָג לייגן תפילין, זאָגן שמע און שמונה־עשרה, וועלכע איך געדענק נאָך היינט פון אויסנווייניק.

ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אויב מיר וועלן ווערן אויס ייִדן, וועט נישט זיין ווער עס זאָל פאַרווירקלעכן די גאולה אין ארץ־ישראל און דאָס וועט אָפּהאַלטן די גרויסע וועלט־איבערקערעניש פאַר אַלע מענטשן. נאָר ווייל די גויאישע קעפּ זיינען דאָס נישט תופס, דאַרפן מיר דערווייל זיין „ירא־שמים בסתר”, ווייל קיין וויכוחים מיט זיי וועלן גאָר נישט העלפן, און דעריבער איז בעסער נישט אויפצוּוועקן דעם פּונקט.

פון צייט צו צייט האָט מיין פאָטער מיר דערציילט וועגן דער ייִדישער היסטאָריע, אָנהויבנדיק פון יציאת מצרים וואָס איז געווען די ערשטע ייִדישע רעוואָלוציע קעגן אונטערדריקער, די מלחמות שפּעטער אין ארץ־ישראל, ביז די מלחמות פון בר־

כוכבא, רבי עקיבא און רבי שמעון בר־יוחאי, די אינקוויזיציע אין שפּאַניע א. אַ. וו. די אַלע זאַכן האָבן אויף מיר געהאַט אַ געוואַלטיקע השפּעה אין מיין געטריישאַפט צום רעזשים און אין מיין געטריישאַפט צו יידישקייט. איך בין געווען שטאַרק דאַנקבאַר מיינע עלטערן און איך האָב זיי ליב געהאַט אהבת נפש.

(וואָס ער האָט דערציילט וועגן די קינדער־יאָרן אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך, צו וועלכן איך וועל נאָך צוריקקומען ביי אַ געלעגנהייט — ש.).

מאַכט זיך אַמאָל אַ מעשה, הער איך ווייטער מיט אַ פּאָר־ כאַפּטן אָטעם דעם סיפור, אַז אַ ייד, אַ שכן פון איינעם וואָס מיין פאָטער האָט מל געווען זיין קינד, האָט געמסרט דעם פאָטער פון קינד און מען האָט אַרעסטירט דעם פאָטער מיט דער מוטער. דער פאָטער פון קינד, ווי מיר האָבן זיך דערוווסט שפּעטער, האָט געטענהט, אַז ער ווייסט נישט ווער עס איז דער מוהל. נאָר ער האָט דאָס קינד געבראַכט אין בית המדרש און דאָרט האָט עס עמעצער מל געווען. די מוטער אָבער, ווייזט אויס, האָט נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון און דער־ציילט אַז מיין פאָטער איז געווען דער מוהל. דעם פאָטער האָט מען פאַרמשפּט אויף צוואַנ־ ציק יאָר שווערער אַרבעט ערגעץ־ווו און דער מוטער אויף צען יאָר. דאָס קינד האָט מען פון זיי צוגענומען. וואָס עס איז געוואָרן שפּעטער מיט די עלטערן און מיט דעם קינד ווייס איך נישט עד היום הזה.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען אַרעסטירט מיין פאָטער און איך האָב אים עד היום נישט מער געזען. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט מען פון מיר צוגענומען מיין מוטער און אויך זי האָב איך ביז דעם היינטיקן טאָג נישט געזען. איך ווייס נישט

וואָס מיט זיי איז געוואָרן. מיין לויפן און וויינען, מען זאָל מיר כאָטש זאָגן ווו מיינע עלטערן געפינען זיך, האָט נישט גע־עפנט די הערצער און נישט די מיילער פון די צו וועמען איך האָב זיך געוואָנדן. דער ענטפער איז געווען אַ קורצער: באַרואיק זיך, אין אונזער רעזשים איז דאָ אַ משפּט צדק.

עס איז אַריבער אַ שטיקל צייט — און אין שיינעם העלן טאָג, האָט מען מיך אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט און מיך אַריינגעוואָרפן אין קאַרצער. שפּעטער אַביסל האָט זיך אָנגעהויבן די אויספאָרשונג און דער משפּט אַלץ צוזאַמען, וועלכער איז גע־ווען זייער קורץ.

מען האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב געוווּסט אַז מיין פאָטער האָט מ׳ל געווען קינדער? האָב איך געענטפערט: יאָ! האָט מען מיך געפרעגט: פאַרוואָס האָסטו דאָס אונז נישט דער־ציילט? האָב איך געענטפערט: ווייל איך האָב געוווּסט און געזען אַז מיינע עלטערן זיינען געטריי און איבערגעגעבן דעם רעזשים, און אַזוי האָבן זיי מיך דערצויגן (איך האָב זיי דערציילט אַלץ וואָס מיינע עלטערן האָבן מיך געלערנט וועגן יידישקייט און סאָציאַל־גערעכטער איבערקערעניש אין ארץ־ישראל). איך האָב דעריבער נישט געזען קיין פאַרברעכן אין דעם וואָס מיין פאָטער האָט מ׳ל געווען קינדער.

אַלס ענטפער אויף מיין אָפנהאַרציקייט זיינען געקומען מכות־רצח און געשרייען אַז איך בין אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער, אַ ציוני־סט. און מיט אַ צייט שפּעטער האָט מען מודיע געווען, אַז איך בין געפונען געוואָרן שולדיק אין שעדיקן די אינטערעסן פון דער מדינה און פון רעזשים און אַז איך בין פאַרמשפּט געוואָרן אויף פינף און צוואַנציק יאָר שווערע אַרבעט, און פאַרשיקט צו ווערן

הינטער די „הרי חושך״, ווו איך וועל מוזן מכפר זיין אויף מיינע „עוונות״ און אוודאי ווערן א „בעל תשובה״.

(דער פּרק פון משפּט און וואָס דער מענטש האָט איבער־געלעבט אונטער די „הרי חושך״ ביז ער איז באַפרייט געוואָרן און געקומען קיין ארץ־ישראל, איז נישט בלויז אַ קאַפּיטל פאַר זיך נאָר אַ „ספר הדמעות״ פאַר זיך).

שוין באַלד קנאַפּע צוויי יאָר ווי מען האָט מיך באַפרייט, הער איך ווייטער דעם סיפּור. קומענדיק צוריק אין מיין שטאָט האָב איך געזוכט מיינע עלטערן. איך האָב זיי נישט געפונען. קיינער האָט מיר נישט געוווּסט צו ענטפערן. איך האָב געקלאַפּט אין אַלע טירן, אָן רעזולטאַט.

איך האָב באַשלאָסן מקיים צו זיין די צוואה פון מיין טאַטן (איך גלויב נישט אַז מיינע עלטערן געפינען זיך נאָך אויף דער וועלט) און פאָרן קיין ארץ־ישראל. כ׳האָב זיך געוואָנדן צו דער מאַכט און געבעטן מיר דערלויבן אַרויסצופאָרן קיין מדינת יש־ראל, מאָטיווירנדיק אַז דאָס איז מיין חלום וועגן וועלכן איך האָב נישט פאַרגעסן די גאַנצע צייט, און אַז אויך אין מדינת ישראל וועל איך שטרעבן און אַלץ טאָן פאַר אַ רעזשים פון גלייכהייט און גערעכטיקייט.

נאָך אַ קורצער צייט האָט מען מיך גערופן זעקס מאָל, יעדעס מאָל האָט מען מיר געגעבן צו פאַרשטיין אַז נאָכדעם ווי איך האָב באַקומען מיין שטראָף, קען איך בלייבן ווו איך בין און פּינקטלעך דינען די אינטערעסן פון דער איבערקערעניש. איך האָב זיי יעדעס מאָל מסביר געווען וואָס איך האָב זיי געזאָגט, ווען מען האָט מיך אַרעסטירט נאָכדעם ווי מען האָט אַרעסטירט מיין פאָטער און אַז איך בין געבליבן טריי דער איבערקערעניש

אָבער איך ווי‌ל מקיים זיין דעם טאַטנס צוואה, זאָרגן פאַר אַזאַ רעזשים אויך אין מדינת ישראל, נאָכדעם ווי איך זע אַז מיין פאָטערס ווערטער זיינען מקויים געוואָרן און עס איז דאָ אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל, וועלכע די מדינה אין וועלכער איך לעב, האָט צוגעהאָלפן זי אויפשטעלן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען מיך גערופן, דאָס לעצטע מאָל, געהייסן מיטברענגען אַלע דאָקומענטן א. אַ. וו. קומענדיק האָט מען פאַר מיר געהאַלטן אַן אויפקלערונג וועגן דעם רעאַק־ציאָנערן כאַראַקטער פון מדינת ישראל און געפּרווּוט מיר געבן צו פאַרשטיין אַז איך וועל נישט קענען דורך מיין פאָרן ענדערן דעם רעאַקציאָנערן כאַראַקטער פון מדינת ישראל. אויף דעם אַלעם האָב איך געענטפערט: איך גלויב אַז וואָס מיין פאָטער האָט מיר געזאָגט וועל איך קענען מקיים זיין.

מיט דריי טעג שפּעטער האָב איך באַקומען אַ פּאַס מיט אַן אָנווייזונג אַז אין משך פון צוויי און זיבעציק שעה דאַרף איך פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

מיט זעקס וואָכן צוריק בין איך אָנגעקומען אין מדינת ישראל.

★

איצט הויבט זיך אָן די צווייטע העלפט פון דער מעשה: און אָט הער איך ווייטער: זייענדיק אונטער די „הרי חושך" האָב איך זיך באַקענט מיט אַ נישט־יידיש מיידל, וועלכע האָט געוואָלט מיט מיר חתונה האָבן. זי איז אויך דאָרט געקומען פאַר „חטאים" פון אירע עלטערן. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך בין אַ ייד און מיר קענען נישט חתונה האָבן.

איינמאָל איז זי געקומען צו מיר מיט א פעסטן באשלוס: זי וויל ווערן א יידיש קינד. נאָך לאַנגע וואַקלענישן פון עטלעכע חדשים האָב איך איר געזאָגט, אַז איך קען זי נישט מאַכן פאַר קיין יידיש קינד, אָבער אַז זי וועט מיר שווערן און מיר וועלן ביידע חתמענען אויף דער שבועה מיט צוויי טראָפּנס בלוט פון אונזערע פינגער אַז ווען מען וועט קענען וועט זי מיט מיר פאָרן קיין ארץ־ישראל און זיך דאָרט מגייר זיין, און דערווייל זיך אויסלערנען שמע־ישראל און שמונה־עשרה — וועל איך גרייט זיין צו נעמען זי פאַר א ווייב.

נאָך א קורצער צייט האָט זי איינגעשטימט אויף מיינע תנאים, און מיר האָבן באשטימט אונזער חתונה אין דעם טאָג, ווען מען האָט אַרעסטירט מיין פאָטער (איך היט אָפּ די צוויי דאַטעס פון אַרעסטירן מיינע עלטערן, אין וועלכע איך צינד אָן צוויי ליכט). און ביז צו דער חתונה האָב איך זי אויסגעלערנט קריעת שמע און שמונה עשרה (דאָס איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן).

דער טייך אין וועלכן מיין צוקונפטיקע פרוי האָט זיך טובל געווען און די שטערן מיט דער לבנה צוזאַמען מיט דער שבועה וועלכע מיר האָבן געחתמעט מיט אונזער בלוט זיינען געווען אונ־זערע חתונה־עדות.

*

קומענדיק מיט א קורצער צייט צוריק אין מדינת ישראל האָט זיך די פרוי, ווי אויך זייער קינד, א מיידעלע, מגייר געווען כדת וכדין ישראל (ער האָט באַקומען אַרבעט ביי בוי און די פרוי איז אין דער היים, אַרבעט אַביסל אַרום זייער דירה, פאַר־

נעמט זיך מיטן קינד און לערנט העברעאיש). אָבער טענהט ער: ער און זיין פרוי ווילן זיין גאַנצע יידן, מתקן זיין די פאַרגאַנגענהייט. ער וויל דעריבער לערנען וואָס איז יידישקייט די דינים א. א. וו. דער עיקר וויל ער אַ „סדר־תשובה" אויף דעם עבר. ער גלויבט, אַז אַזוי אַרום וועט ער טאָן אַ טובה אויך די נשמות פון זיינע עלטערן, וועלכע ער גלויבט, אַז זיי זיינען שוין מער נישטאָ אויף דער וועלט, ווי אויך אַ טובה פאַר זיין נשמה, די נשמה פון זיין פרוי און פון זייער קינד.

✶

נאָך אַ קורצער צייט פון דאָ זיין אין לאַנד האָט ער באַקומען אַ סדר תשובה און ראשי־פּרקים, ווי אַזוי ער און זיין פרוי זאָלן זיך פירן. איצט איז די משפּחה עוסק אין תורה, תשובה ומעשים טובים — נאָך דער אַרבעט.

זיי פילן זיך איבערגליקלעך. די „טעג פון תשובה" ענדיקן זיך נאָך יום־טוב. און ער פרעגט זיך איצט וואָס קען ער העלפן און טאָן מקיים צו זיין די צוואה פון זיין פאָטער, אַז מדינת ישראל זאָל זיין די פאַרווירקלעכערין פון יושר וצדק, ווי זיין פאָטער און ער האָבן געחלומט.

✶

דער מוסר השכל: דאָס איז דער כוח פון יידישקייט, וועלכע פאָטער און מוטער האָבן איינגעפלאַנצט אין זייער קינד וועלכער האָט זוכה געווען, אין זייער זכות, אַרויסצוראַטעווען זיין נשמה פון דער „סטרא אחרא", מתקן זיין אַ נישט־יידישע נשמה, וועלכער קען איצט הויך זאָגן צום אָנדענק פון זיינע עלטערן:

יתגדל ויתקדש שמיה רבה!

# גלות — פאַרוואָס, גאולה — נאָך וואָס ?

אַמאָל האָבן יידן געוווסט פאַרוואָס מען שלאָגט זיי; פאַר־
וואָס מען הרגעט זיי; פאַרוואָס מען האָט זיי פיינט, ווייל מיר
האָבן מקבל געווען אויף זיך אַ תורה וואָס קיין שום אומה ולשון
האָט נישט געוואָלט מקבל זיין. מיר האָבן די תורה נישט בלויז
מקבל געווען, נאָר אויך מקיים געווען. מקבל זיין תורה — זיינען
דאָ אַ סך אפשר וואָס זיינען גרייט, נאָר מקיים זיין תורה: „לשמור
ולעשות ולקיים את כל דברי תורתך" און דערצו נאָך „באהבה"
— אויף דעם זיינען גרייט געווען נאָר יידן. און פאַר היטן שבת,
עסן מצות א. אַ. וו. האָט מען אונז פיינט געהאַט אַמאָל.

דעם פאַרוואָס האָבן יידן געוווסט און זיך נישט אונטערגע־
געבן ווייל זיי האָבן אויך געוווסט דעם נאָך־וואָס. נאָך וואָס דאַרף
מען היטן תורה און מקיים זיין מצוות; נאָך וואָס דאַרף מען
זיין אַ ייד; נאָך וואָס דאַרף מען די עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק.

יידן זיינען געווען יידן נישט בלויז ווייל זיי האָבן געמוזט
זיין יידן, נאָר ווייל זיי האָבן געוואָלט זיין יידן; ווייל זיי האָבן
געפילט, אַז צו זיין אַ ייד, הייסט צו געהערן צום יידישן פאָלק;
צו זיין אַ זון פון יידישן פאָלק. זיי האָבן געפילט אַז צו זיין אַ
ייד, הייסט צו זיין אַ מענטש מיט אַן אייגענעם איך וואָס האָט
אין זיך עפּעס ספּעציעל יידישעס וואָס קיין שום אומה ולשון
האָט נישט; זיי האָבן געפילט אַז צו זיין אַ זון פון יידישן פאָלק

הייסט צו געהערן צו אַ דעם פאָלק, וועלכער האָט אין זיך עפּעס גאַנץ באַזונדערס, וואָס קיין שום אומה ולשון האָט נישט. עפּעס ג־טלעכעס, נבואהשעס, הייליקעס, וועלכעס הייליקט יעדן ייד, וועלכעס גיט אַן אינהאַלט דער גאַנצער מענטשהייט. דאָס זיינען די אַלע נבואות וועגן דער צוקונפט פון דער מענטשהייט און דער גאַנצער בריאה, וועלכע וועלן סוף־כל־סוף, נאָך פיל צרות און ליידן זוכה זיין צו אַ מענטשהייט וועלכע וועט פאַרווירקלעכן דעם אייביקן שלום, און דאַן וועט די מענטשהייט וועט זוכה זיין צו דעם מאָמענט פון אייביקן שלום — וועלן מענטשן נישט זיין פאַרנומען מיט קנאה און שנאה, בלויז מיט זיך, דאַן וועט זיין אַ פלאַץ אין מענטשנס האַרץ אויך פאַרן רבונו של עולם; וועט זיין אַ פלאַץ פאַרן רבונו של עולם אויף יעדן ווינקעלע פון ג־טס וועלט. יעדער וועט אים זען, יעדער וועט אים פילן.

עס איז באַוווּסט דאָס וואָרט פון קאָצקער רבין: ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין ייִנגעלע, האָט עמעצער געפרעגט: „ווו איז דער רבונו של עולם?" האָט ער געענטפערט זייער קורץ: — „ווו מען לאָזט אים אריין".

פאַרשטייט זיך אַז אין אַ וועלט פון קנאה און שנאה, פון הערשן און באַהערשן — לאָזט מען נישט אַריין דעם רבונו של עולם. עס איז פאַר אים דאָ קיין פלאַץ נישטאָ. ער וועט שטערן די רו. מענטשן וועלן זיך פילן נישט באַקוועם אין דער אָנוועזנ־הייט פון רבונו של עולם צו טאָן אַלדאָס בייז און שלעכטס, מאַכט מען דעריבער צו די אויגן און מען שרייט: איך זע נישט דעם רבונו של עולם. מען פאַרשטאָפּט די אויערן און מען שרייט: איך הער נישט דעם רבונו של עולם. מען זעט נישט דעם רבונו

של עולם און מען הערט אים נישט, ווייל מען וויל נישט אים זען און מען וויל נישט אים הערן.

צו געהערן צו דעם יידישן פאָלק וועלכער האָט ג־ט אין הארצן, וועלכער האָט ביי זיך א פּלאַץ פאַרן רבונו של עולם; וועלכעם האָט דעם רבונו של עולם און פילט זיין דאָזיין צום גוטן און צום שלעכטן — דאָס האָבן יידן געהאַלטן נישט בלויז פאר א כבוד, נאָר פאַר אן אינערלעכער באדערפעניש, פאר א לע־בנס־נויטווענדיקייט. אָן דעם רבונו של עולם, האָט דאָס לעבן דאָך נישט קיין שום אינהאַלט, איז דאָך אַלץ פּוסט. איז דאָך אַלץ איין גרויסער שקר, איז דאָך דאָס לעבן נישט ווערט וואָס עס קאָסט. וואָס מען באַצאָלט דערפאַר מיטן לעבן... מיט די צרות פון לעבן. נאָך וואָס און נאָך ווען?

דעריבער האָבן יידן אַמאָל געוווּסט נאָך וואָס זיי לעבן, האָבן זיי געוווּסט פאַר וואָס זיי לעבן, פאַר וואָס עס איז כדאי צו באַצאָלן מיטן לעבן פאַרן לעבן. דעמאָלט האָט קיינער נישט געקענט גלויבן און זיך פאָרשטעלן אַז עס וועט קומען א צייט, ווען מיר וועלן זוכה זיין צו אַ יידישער מדינה, און דאָך וועט דאָס לעבן זיין אַזוי פּוסט און ממילא אַזוי שווער. עס וועט פעלן די שמחת החיים, עס וועט הערשן אַזוי פיל קנאה און שנאה, אַז מען ווייסט נישט נאָך וואָס מען לעבט, ווייסט מען נישט פאַר וואָס דאַרף מען באַצאָלן פאַר דעם לעבן...

אַז מען ווייסט נישט נאָך וואָס מען דאַרף האָבן א יידישע מדינה, ווייסט מען נישט פאַרוואָס זאָל עס נישט זיין א גויאישע מדינה. און אויב מען פילט נישט היינט נאָך וואָס דאַרף מדינת ישראל זיין א יידישע מדינה פאַר יידן, ווייסט מען אויך נישט

פאַרוואָס זאָל מען אין מדינת ישראל היטן יידישקייט; פאַרוואָס דאַרף מען טאַקע אַז עס זאָל עקזיסטירן אַ יידיש פאָלק אין מדינת ישראל, נאָך וואָס? און פון דאַנען מוז קומען צו אַ שריט ווייטער — נאָך וואָס דאַרף מען בכלל אַז עס זאָל עקזיסטירן אַ יידיש פאָלק? און פון דאַנען דער לעצטער שריט וואָס קען חלילה דערפירן אַז מען זאָל שטעלן אַ פראַגע: נאָך וואָס דאַרף מען אַ יידישע מדינה אויב מען דאַרף נישט קיין יידן, קיין יידישקייט, קיין יידיש פאָלק? און פון דאַנען די פסיכאָלאָגישע גייסטיקע פאַרברייטונג פאַר אַלע נעגאַטיווע דערשיינונגען אין לעבן, אין מדינת ישראל, וועלכע האַלטן שוין ביי פאַראַט קעגן דער יידישער מדינה, יידישע שפּיאָנען קעגן מדינת ישראל.

אויב עס איז נישטאָ דאָס געפיל און באַוווסטזיין נאָך וואָס, זיינען דאַן אָפן אַלע טירן צו אַלדאָס בייז. „פאַרוואָס נישט"? דאָס איז דער דעוויז. היינט אין דער מדינה אויב מען פרעגט עמעצן: היתכן? ענטפערט מען: פאַרוואָס נישט? פאַרוואָס נישט טאָן אַלדאָס בייז צום פאַראַט פון דער יידישער מדינה און פון דעם יידישן פאָלק. די יידישע מדינה פאַראַט מען דורך שפּיאָנאַזש; דאָס יידישע פאָלק פאַראַט מען — דורך געמישטע הייראַטן וואָס פירט צום אונטערגאַנג פון די יידן, פון זייער לעצטן פאָדעם יידישקייט און פון איבעררייסן זייער היסטאָרישן בונד מיט דעם יידישן פאָלק אַלס קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב.

*

„מה אומר אליהם"? דאָס איז געווען די הויפּט־פראַגע וועלכע משה רבנו האָט געוואָלט וויסן פון רבונו של עולם, „וואָס

וועל איך זיי זאָגן" די יידן? נאָך וואָס דאַרף מען גאולה, נאָך וואָס דאַרף מען ארץ־ישראל, און דאַן איז געקומען דער ענטפער:
„בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלוקים על ההר הזה".
דער חכם וועלכער ווייסט נאָך וואָס דער רבונו של עולם האָט אונז אַרויסגענומען פון מצרים „ביד חזקה ובזרוע נטויה" (ווייל נישט די יידן האָבן געוואָלט אַרויסגיין און נישט פּרעה האָט זיי געוואָלט אַרויסלאָזן, דאַכט זיך, כמעט ווי היינט...), ער וויל נאָר וויסן וואָס האָט ער צו טאָן: „מה העדות והחוקים והמשפּטים", וואָס פאַר־אַ חוקים און משפּטים דאַרף איך מקיים זיין.
דער רשע אָבער פרעגט: „מה העבודה הזאת לכם"? נאָך וואָס טויג די גאַנצע עבודה צום רבונו של עולם, נאָך וואָס דאַרף מען זיין ג־טס פאָלק? ער וויל נישט וויסן וואָס צו טאָן. ער האַלט אַז מען דאַרף גאָר נישט, ער איז אַ כופר בעיקר: „מה העבודה הזאת לכם"? עס איז בעסער צו לעבן ווי אַ מצרי, אַמאָל אָדער ווי אַ היינטיקער מצרי, אַ גוי ווי אַלע גויים.

ווען עס איז געלונגען אַריינצובר־ענגען צו די יידן דאָס באַוווסטזיין פון „אהיה אשר אהיה", אַז דער יידישער ג־ט איז נישט קיין ג־ט פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון אברהם, יצחק און יעקב, מיט וועלכן די קינדער האָבן היינט נישט מער קיין שייכות, — דעמאָלט האָבן זיי געוווסט נאָך וואָס זיי זיינען יידן, נאָך וואָס זיי זיינען אין גלות, נאָך וואָס זיי דאַרפן גאולה, נאָך וואָס זיי דאַרפן אַ תורה — ערשט דאַן האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז זיי דאַרפן אָפּהיטן זייער אייגנאַרטיקייט „שלא שנו את שמם ולא שנו את לבושם ולשונם", זיי האָבן זיך גערופן ראובן, שמעון, לוי און נישט רופוס, נישט לוליאני, און נישט לוסטים א. א. וו. דאַן זיינען זיי געוועןן פעאיק צו פער־ציק יאָר מדבר, צו זיבן יאָר

מלחמה און שפעטער נאָך זיבן יאָר ביז זיי זיינען געקומען אל המנוחה ואל הנחלה. אויך דעמאָלט האָבן מיר געהאַט צרות, שפּיאָנען, מוסרים, עגל־מאַכערס, אינטריגע־מאַכערס, שטענדיקע אומצופרידענע, פול מיט טענות און חשדות צו משה און אהרן — אָבער די אַלע צרות האָבן מיר געהאַט פון „ערב־רב", וועלכע האָבן מצליח געווען משפּיע צו זיין אויך אויף אמתע יידן... און אויך אמתע יידן זיינען מושפּע געוואָרן פון דעם ערב־רב. דאָס האָט טאַקע מיט זיך געבראַנגט צרות, פערציק יאָר מדבר. דאָס האָט אָפּגעלייגט די גאולה אויף אַ סך צענדליקער יאָרן.

*

דעם ערשטן „יידישן איך" האָט משה רבנו געגעבן די יידן דורך דעם, וואָס ער האָט זיי געגעבן שבת. משה רבנו האָט גע־פּועלט ביי פּרעהן צו באַפרייען יידן שבת פון דער אַרבעט, כדי זיי זאָלן קענען האָבן אַ „רו־טאָג". אַ „רו־טאָג" האָט אויך פּרעה פאַרשטאַנען. משה רבנו האָט אָבער פאַרוואַנדלט דעם שבת אין אַ יום מנוחה וקדושה. שבת האָבן די יידן פאַרגעלייענט פאַר זיך און פאַר זייערע פרויען און קינדער די „מגילת הגאולה" פון אברהם, יצחק און יעקב, וועלכע משה האָט זיי געגעבן און אין וועלכער זיי האָבן געפונען, אַז דער רבונו של עולם האָט צוגע־זאָגט אברהם אבינו, אַז די יידן וועלן זיין פאַרשקלאַפט אין מצרים, אָבער ער וועט זיי אויסלייזן. מאַכן זיי פאַר „בני־חורין" און זיי ברענגען קיין ארץ־ישראל.

שבת אין מצרים — האָט צוריקגעגעבן די יידן דאָס ערשטע באַוואוסטזיין פון פרייהייט, פון בני־חורין. זיי זיינען פּסיכאָלאָגיש געוואָרן צוגעגרייט פאַר דער גאולה. זיי האָבן אָנגעהויבן פילן

„מה בן אלה לאלה", וואָס עס איז דער אונטערשיד צווישן אַ ייד און אַ מצרי. דער מצרי האָט אויך געהאַט אַ יום־מנוחה, אָבער דאָס איז געווען אַ טאָג פון פאַרשקלאָפן אַנדערע. דער יידישער שבת זאָגט אָן דער וועלט דעם שבת־העולם, דעם עולם של שבת, דעם עולם שכולו טוב. מיט דעם שבת האָט זיך אָנגע־הויבן דאָס יידישע אייגנאַרטיקייטס־באַוווסטזיין. דער ייחוד און דער ייעוד, וועלכער קומט צום אויסדרוק אין דעם „שמע ישראל" און אין דער תורה און אין די מצוות ומעשים טובים „למצוא חן ושכל טוב בעיני אלוקים ואדם" צוזאַמען.

מיט דעם מאָמענט ווען מען פאַרוואַנדלט דעם יידישן שבת אין אַ גויאישן רו־טאָג, אין אַ גויאישן יום־מנוחה, קומט מען זייער שנעל צו דעם גויאישן זונטיק און מען דערווייטערט זיך פון אייגענעם מקור און מען דערנענטערט זיך נישט בלויז צו דעם גויאישן זונטיק, נאָר אויך צו דעם, וועלכער האָט דעם גוי־אישן זונטיק געשאַפן...

גלות — פאַרוואָס — גאולה — נאָך וואָס ? די צוויי פראַגן דאַרפן אַוועקגעשטעלט ווערן אינעם צענטער פון יידישן לעבן אין מדינת ישראל און אין חוץ־לארץ.

✶

היינט, ווען אַ סך יידן אין גלות און דאָרט אפשר נאָך מער ווי אין מדינת ישראל האָבן, צום באַדויערן, אַוועקגעוואָרפן דעם שבת, די תורה און מצוות און זיינען גרייט זיך צו באַגנוגענען מיט אַ טויטן „דזשודאַאיזם", וועלכער האָט נישט קיין שום לעבן און קיין שום לעבנס־אינהאַלט מער ווי פרעהס מומיעס, וועלכע מען גראָבט

אויס „טויטערהייט" פון דער ערד, — ווייסט מען נישט פאַרוואָס האָט מען אונז פיינט, וואָס איז שלעכט אין גלות, נאָך וואָס דאַרף מען גאולה...

אָבער — „והיא שעמדה לאבותינו ולנו" אָט דאָס וואָס „שלא אחד בלבד עמד עלינו לכלותנו", וואָס נישט איינער האָט געפּרוווט אונז צו פאַרטיליקן „אלא שבכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו", נאָר וואָס יעדער דור האָט זיין עמלק, זיין המן, זיין היטלער — אָט דאָס דערמאָנט יידן, אַז זייער עקזיסטענץ אַלס יידן איז גאָרנישט אָפּהענגיק בלויז אין זיי. צי זיי ווילן יאָ צי נישט — זיינען זיי יידן און וועלן בלייבן יידן. פון יידישן פאָלק קען מען נישט אַנטלויפן צו קיין „גוטע גויים". און אַמאָל איז שפּעט צו אַנטלויפן פון די „שלעכטע גויים". מען מוז צוריק־קומען, אפשר דער צווייטער אָדער דריטער דור. ווי זאָגט מען: אַ ייד האָט זיך נאָך נישט געשמדט און אַ גוי האָט זיך נאָך נישט מגייר געווען. דערווייל אָבער פאַרלענגערט עס די צרות און האַלט אָפּ די גאולה.

דעריבער, נאָך וואָס אָפּהאַלטן די גאולה? סיי ווי וועט דאָך גאָרנישט העלפן. יידן זיינען מיר און יידן וועלן מיר בלייבן, זאָלן מיר טאַקע זיין יידן מתוך רצון, מתוך בחירה און דאַדורך מקרב זיין די גאולה.

# גלויבן און נישט־גלויבן

איך באַטאָן: דער שמועס איז פאָרגעקומען צווישן מענטשן: יידן און נישט־יידן. עס איז נישט געווען קיין וויכוח צווישן יידן און נישט־יידן. אויך נישט קיין וויכוח צווישן יידן אַליין, מאמי־נים און נישט־מאמינים. דער גרעסטער טייל אָנוועזנדע זיינען אוודאי נישט געווען קיין מאמינים. עס איז געווען סתם אַ שמועס צווישן מענטשן, וועלכע האָבן זיך פּלוצלינג פאַרטראַכט: מה אנו ומה חיינו...

אָנגעהויבן האָט זיך דער שמועס אַרום די גרויסע וועלט־פאַרברייטונגען וואָס די וועלט, דאָס הייסט: די מענטשן גרייטן זיך, חרוב צו מאַכן די וועלט און אַזוי אַרום מיט איינמאָל לייזן אַלע פּראָבלעמען, פון פאַרבן, רעזש־מען, מאמינים און נישט־מאמינים, טעכנאָלאָגיע א. אַ. וו. עס וועט זיין „הס כל בשר", אַ שטילע, טויטע וועלט, אָן מענטשן, אָן שנאה און אָן אהבה. אויס וועלט און פאַרטיק אַן עסק.

דאַן איז געשטעלט געוואָרן די פּראַגע: וואָס איז מענטש? האָט דער מענטש אַ ציל אין לעבן? אויב נישט, אויב עס איז הכל הבל — נאָך וואָס איז נויטיק די עקזיסטענץ פון דער מענטש־הייט. און אויב עס איז נישט נויטיק די עקזיסטענץ — נאָך וואָס דאַרף מען זיך באַמיען אַזוי פיל חרוב צו מאַכן די וועלט... מען קען דאָך לאָזן די וועלט אונטערגיין פון זיך אַליין. זאָל מען

אויפהערן אויפשטעלן נייע דורות און די וועלט וועט אויפהערן צו עקזיסטירן אָן בלוט־פאַרגיסונג, אָן יסורים.

אין דעם שמועס האָט זיך אַרויסגעוויזן איינשטימיקייט, אַז פאַר מענטשן־מאמינים איז די פראַגע קיין פראַגע נישט. ווייל לא לתוהו בראה, לשבת יצרה. אמת, אַז אויך ביי מאמינים זיינען דאָ שאלות, אויף וועלכע זיי האָבן נישט קיין ענטפער, איז דער ענטפער: „וראית את אחורי"... וואָלט געווען אויף אַלעם אַן ענטפער, וואָלט עס נישט געווען קיין אמונה. וואָלטן עס דאָך אַלע געזען, געהערט און פאַרשטאַנען. עס וואָלט דאָך דאַן געווען וויסנשאַפט, מדע. אָבער דער מאמין, דער אמתער מאמין, האָט אַן אינהאַלט אין לעבן, האָט פאַרגעניגן פונעם לעבן מיט אַלע זיינע צרות דורך זיין אמונה, וועלכע איז ביי אים אַ קלאָרער באַוווסטזיין, אַז דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן „לעשות רצון קונו", און דער „רצון קונו", אַז די וועלט זאָל עקזיסטירן, און אַז דער מענטש זאָל אַ הנאה האָבן פון לעבן. אָבער דער נישט־מאמין, דער וואָס האַלט, אַז די וועלט איז נישט קיין פּלאַנירטע שאַפונג, נאָר אַ צופעליקייט — האָט דאָך די וועלט און דער מענטש אויף דער וועלט קיין שום אינהאַלט נישט. ער איז אָן יעדן פרייען ווילן, אַ געצווונגענע צופעליקייט — טאָ וואָס איז דער „מותר האדם מן הבהמה"? איז נישט גלייכער טאַקע אַ פּלאַנירטער וועלט־אונטערגאַנג, כדי זיך נוקם צו זיין אין דער צופעליקייט, וועלכע האָט די וועלט צו עקזיסטענץ געברענגט?...

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די צעטומלונג: וואָס איז טאַקע די „צופעליקייט"? ווו און ווען האָט זי זיך אָנגעהויבן? האָט די „צופעליקייט" אַ התחלה? אַ פרייע התחלה, פון אייגענעם ווילן, אָדער איז די „צופעליקייט" אַ המשך פון פריערדיקע „צו־

פעליקייטן". אויב אַזוי, ווו הויבט עס זיך אָן? ווו איז דער בראשית?

די וועלט איז אַנטוישט. אַמאָל איז זי געווען אַנטוישט, זעענ־דיק אַז אמונה ענטפערט נישט אויף אַלע פראַגן און הויפּטזעכלעך פון דעם, וואָס מיר זיינען עדות, אַז אין נאָמען פון אמונה האָט מען חרוב געמאַכט וועלטן און דורות: זיי דערטרינקען, זיי פאַרברענט, זיי געפּייניקט מיט אוממענטשלעכע יסורים. האָט מען דערנאָך געמיינט צו געפינען אַן ענטפער אין מוסר, אין מאָראַל. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער מוסר איז אַזוי פאַרשידנאַרטיק ווי מענטשן און פעלקער און אויך אין נאָמען פון מוסר האָט מען אָנגעטאָן אַלע אומ׳מוסרדיקע זאַכן. האָט מען זיך אָנגעכאַפּט אין פרייהייט, גלייכהייט א. אַ. וו. זיינען מיר דאָך עדות צו וואָס פאַר אַ פאַרשקלאַפונג, פאַרקנעכטשאַפט עס האָבן דערפירט די אַלע פרייהייטס־לאָזונגען און גלייכהייטס־רעדערייען. און איצט האָט מען פאַרגעטערט וויסנשאַפט, באַזונדערס די לעצטע וויסנ־שאַפטלעכע טעכנאָלאָגישע אַנטוויקלונגען, וואָס אַ דאַנק דעם הויבן מיר אָן צו אַנטדעקן די אַלט־נייע וועלטן, וואָס מען האָפט, אַז גאָר בקרוב וועט מען וויסן נישט בלויז ווו עס געפינען זיך די וועלטן, נאָר אויך וואָס עס געפינט זיך אויף זיי און אין זיי. אָבער אויך די וויסנשאַפט האָט אַנטוישט: איינס, זי האָט נישט געברענגט קיין שום גליקן דער מענטשהייט. פאַרקערט, די אַלע „גליקן" פון דער וויסנשאַפט זאָגט אָן דער וועלט אַ נייע עפּאָכע פון „דם ואש ותמרות עשן", וועלכע וועלן אַ תל מאַכן פון דער וועלט מיט איינמאָל פון אויבן און פון אונטן. צוויי, וואָס האָט די וויסנשאַפט אַנטדעקט? גאָר נישט מיט גאָר נישט. זי טאַפּט אָן נאָר דאָס וואָס מיר אַלע וויסן, אַז עס עקזיסטירט. מיר ווייסן

עס אַ דאַנק פריערדיקע דורות, וועלכע האָבן אונז איבערגעגעבן בירושה, אַז יענע וועלטן עקזיסטירן. היינטיקע וויסנשאַפט איז מכלומרשט גרייט צו באַשטעטיקן דאָס, אַז אונזערע פריערדיקע דורות האָבן זיך נישט גענאַרט און נישט אונז גענאַרט. דאָס באַשטעטיקט דער היינטיקער וויסנשאַפטס־דור, וועלכער טאַפּט אָן יענע וועלטן, וועלכע אונזערע אַמאָליקע דורות האָבן אונז דער־ציילט, אַז זיי עקזיסטירן.

דאָס איז די גרויסע אַנטוויישונג אויך פון דער וויסנשאַפט, און די מענטשהייט שטייט ווייטער פאַר דער אייביקער מאַטערנ־דער פראַגע: „מה אנו ומה חיינו?"... על מה ולמה, דאָס גאַנצע פּלאָגן זיך?

יאָ, זאָגט איינער וועלכער האָט אַ גאַנצע צייט געשוויגן: הערט אייך איין, ליבע מענטשן, אַזוי לאַנג ווי איר מיינט אָדער גלויבט, אַז איר קענט דערגיין מיט אייער שכל, מיט דער הילף פון מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען און טעכנאָלאָגישע אַנטדע־קונגען — דעם סוד פון דער וועלט־עקזיסטענץ, און ממילא פון איר אַנטשטייאונג; דעם סוד פון לעבן און פון מענטשלעכן לעבן — אַזוי ווי איר טראַכט אַזוי, וועט איר קיינמאָל נישט קומען צו קיין טאָלק; וועט איר שטענדיק נאָר ויסן, אַז איר ווייסט נישט. איר וועט שטענדיק זיין פאַרביטערט; איר וועט שטענדיק נאָר פאָדערן פון אַנדערע, אַז זיי זאָלן פאַר אייך גוט מאַכן די וועלט. אין דער רגע ווען איר וועט אָנהויבן גלויבן, אַז איר ווייסט נישט, אַז איר קענט מער נישט וויסן נאָר דאָס וואָס עקזיסטירט מיטן אָנהויב פון מענטש און נישט מה לפנים ומה לאחור — דאַן וועט איר אָנהויבן וויסן צוויי זאַכן: איינס, אַז עס זיינען נישט קיין „צופעליקייטן". אַלץ האָט אין זיך געזעצן, וואָס לויט

זיי האַלט זיך די וועלט. זי עקזיסטירט און פירט זיך לויט אייבי־קייטס־געזעצן, וועלכע זיינען נישט קיין „צופעליקייטן" נאָר גוט דורכגעטראַכטע. און עס איז דאָ ווער עס האָט געטראַכט; עס איז דאָ ווער עס האָט געהאַט אַ כוונה ביים דורכטראַכטן און שאַפן די „וועלט־געזעצנעבונג", וואָס מיר רופן אָן „נאַטור־געזעצן". צוויי, וועט איר דאַן וויסן און פילן, אַז גוט מאַכן אָדער שלעכט מאַכן די וועלט ליגט נישט אין קיין פרעמדע הענט, אין צווייטנס ווילן, נאָר אין יעדן איינעמס האַנט, אין יעדן איינעמס ווילן. יעדער מענטש האָט די בחירה און מעגלעכקייט צו מאַכן די וועלט זאָל זיין אַ גוטע, שיינע וועלט, אָדער אַ מיאוסע, שלעכטע וועלט. און אויב אַלע מענטשן, לפּחות די מערהייט, וועלן אויס־ווילן אַ גוטע וועלט, אַ וועלט פון לעבן, וועט די וועלט זיין אַ גן־עדן עלי אדמות, און אויב מיר, יעדער איינער פון אונז און אַלע צוזאַמען, וועלן עס נישט ווען, וועלן מיר פאַרוואַנדלען די שיינע, גוטע, גלייכע וועלט אין אַ גיהנום מיט שנאה, קנאה, מלחמות, בלוט־פאַרגיסונגען און פאַרניכטונגען...

יאָ, ווען דער מענטש וועט וויסן, אַז ער ווייסט נישט און קען נישט וויסן דעם בראשית — דאַן וועט ער אָנהויבן וויסן דעם בראשית. דאַן וועט ער וויסן, אַז „ומותר האדם מן הבהמה — אין", דער אין־סוף, דאָס וויסן, אַז עס איז דאָ אַן „אין" — דאָס איז דער מענטש. דאָס איז דער אונטערשיד פון מענטש און אַ בהמה...

אָבער אין דעם איז נאָך אַלץ נישטאָ קיין ענטפער אויף דער אייביקער מאַטערנדער פראַגע: וואָס איז דער מענטש, זיין אינ־האַלט אין לעבן, נאָך וואָס עקזיסטירט ער? — פרעגט איינער פון די אַנוועזנדע.

דער ענטפּער איז אַ קלאָרער: יעדער מענטש וויל נאָר גוטס. דער וויכוח איז נאָר: וואָס איז גוטס? ווען מיר זעען, אַז אַלע מענטשן ווילן גוטס, איז אַ סימן, אַז דאָס איז דער לעבנס־אינ־האַלט פון מענטש: צו זיין גוט, צו טאָן גוטס און אַ הנאה צו האָבן פון גוטס. אדרבה, זעט: געפינט מיר אַ מענטש וואָס זאָל זיין קעגן גוטס. איי, וועט איר פרעגן: אַז אַלע ווילן גוטס, פאַרוואָס איז שלעכט? איז די סיבה דערפון, ווייל נישט אַלע דערגרייכן גוטס אין אייגענער שולד אָדער אין פרעמדער שולד — איז ער בייז אויף דער גאַנצער וועלט, און כדי זיך נוקם צו זיין, טוט ער נאָך מער שלעכטס זיך און אַנדערע.

טאָ ווי אַזוי געשעט דאָס טאַקע? — הער־ן זיך קולות.

דאָס איז אויך נישט אַזוי פאַרפּלאָנטערט ווי מען מיינט. ווייסט מען, אַז מען ווייסט נישט, ווייסט מען דאַן, אַז מען ווייס אויך נישט וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט. דאַן ווייסט מען, אַז ווער עס האָט געשאַפן די וועלט און איר עקזיסטירנדיקע געזעץ־געבונג, האָט אויך געשאַפן אַ געזעצגעבונג פאַר דעם מענטש, וואָס איז גוט פאַר אים און וואָס איז שלעכט פאַר אים: „ראה נתתי לפניך את החיים ואת הטוב, את המות ואת הרע". דעם מענטש גיט מען אַן עצה „ובחרת בחיים!". ער קען אָבער אויס־קלייבן פונקט פאַרקערט. דער מענטש איז אַ בעל־בחירה, אָבער וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, קען דער מענטש נישט באַשטימען. „הגיד לך, אדם, מה טוב". דעם מענטש דאַרף מען זאָגן וואָס עס איז גוט און וואָס פאַרקערט. און ווער איז דער זאָגער? — דער וואָס מיט זיין זאָגן האָט די וועלט באַשאַפן: „אשר במאמרו ברא שחקים וברוח פיו כל צבאם".

דאָס הייסט דאָך גלויבן! מיסטיציזם, סודות וואָס מען ווייסט גאָר נישט און דער מענטש איז אויס מענטש. ער איז נישט בעל־הבית איבער זיך. נישט ער באַשליסט וואָס ער וויל. אַלץ איז באַשטימט פאָראויס. אה! דאָס ניין, — האָבן זיך געהערט קולות פון אַלע זייטן.

נאָר כאַפּט נישט. נישט מיט אַזא ברען, אַביסל מער געדולד. אדרבה: מיט אייער שכל און אייער לאָגיק וועלן מיר באַלד זען ווו מיר האַלטן, — הערט זיך אַ באַרואיקונג.

פאַרקערט: אַלץ וואָס איך האָב געזאָגט איז, אַז דער מענטש האָט בחירה צו טאָן גוטס אָדער שלעכטס. איך האָב נאָר געזאָגט, אַז ער ווייס נישט און קען נישט וויסן וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס. אמת, דאָס הייסט גלויבן. און אַז מען גלויבט נישט, ווייסט מען וואָס עס איז גוטס און וואָס עס איז שלעכטס? האָט מען דען נישט וועלטן חרוב געמאַכט איבער דעם וויכוח וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס? און די וויסנשאַפט ווייס עפּעס אַבסאָלוטעס? זי געפינט דאָך נאָר אויס, וואָס עס עקזיסטירט, וואָס עמעצער האָט געשאַפן. אָבער זי האָט עפּעס געשאַפן? „אין חדש תחת השמש", ווייל „למעלה מן השמש יש חדש"... שטייט נישט די וויסנשאַפט פאַר צעשמעטערטע, צע־בראָכענע, וויסנשאַפטלעכע נעכטיקע אמתן? זיינען נישט נעכ־טיקע אמתן, היינטיקע ליגנס? און קען ווער זאָגן, אַז דער היינטיקער אמת וועט נישט זיין מאָרגן אַ נעכטיקער ליגן? מוז מען דאָך אָבער מודה זיין און זאָגן, אַז גלויבן האָט נישט באַנק־ראָטירט. זי האָט זיך נישט אַרויסגעוויזן פאַר פאַלש, ווייל דער יסוד פון גלויבן, דאָס וויסן אַז מען ווייסט נישט — האָט זיך נישט געענדערט. מען ווייסט נישט! און ווען מען ווייסט, אַז

מען ווייסט נישט, איז מען נאָר איין שריט צו גלויבן. זעט, נאָך א זאַך: דער גלויביקער איז דאָך מער סטאַביל אין זיין לעבנס־אַרט, אין זיין פירונג, אין זיינע פּרינציפּן א. אַ. וו. זאָגט דאָס נאָר נישט וועגן אמת פון אמונה?...

דאָך אָבער, זיינען דאָס עפּעס געהיימנישן וואָס מען פאַר־שטייט נישט, ברומט אונטער איינער אין דער זייט.

נו, אדרבה, קומט דער ענטפער, איר זאָגט דאָך אַליין און זענט מודה, אַז איר ווייסט נישט, אַז איר ווייסט נישט וואָס איז לעבן. כ'מיין צו זאָגן: פאַרוואָס לעבן לעבט? און לאָמיר שוין זאָגן, אַז מיר ווייסן שוין דעם סוד וואָס איז דאָס לעבן, אָבער מיר ווייסן דאָך נישט, לכל הדעות, פאַרוואָס לעבט דאָס לעבן... דאָך איז דאָס לעבן אַן אמת, כאָטש מיר אַלע ווייסן, אַז מיר ווייסן נישט „מה חיינו". אויך גלויבן איז אמת, כאָטש מיר ווייסן עס נישט וואָס עס איז. מיר ווייסן אָבער אַז עס איז דאָ גלויבן, אַז אמונה איז אַ מציאות, און דווקא ווייל מיר ווייסן, אַז מיר ווייסן עס נישט.

עס איז אַ פאַרפּלאָנטערטער וויכוח, נישט אַרויסצוגיין פון אים — הערן זיך רופן. ניין, נישט דער וויכוח איז פאַרפּלאָנ־טערט, ענטפערט מען. דאָס לעבן איז פאַרפּלאָנטערט. דער מענטש וואָס מיינט און גענאַרט זיך, אַז ער קען דאָס אויפּפּלאָנטערן — פאַרפּלאָנטערט זיך נאָך מער...

„אשרי תמימי דרך!", נישט קיין „חשבונות רבים", נאָר זיין אַ ישר הולך...

רואיק און געלאַסן רופט זיך אָן איינער, וואָס איז געזעסן אַ גאַנצע צייט און זיך איינגעהערט אין דעם שמועס, נישט אָנ־

טיילנעמענדיק אין אים — דאָס אַלץ וואָס מיר האָבן געהערט זאָגט נאָר, אַז דעם מאמין איז בעסער ווי דעם נישט־מאמין, אַז ער שטייט אויף מער פעסטע יסודות. אַלץ גוט און פיין. אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַן ענטפער פאַר די מענטשן, וואָס זיינען נישט קיין מאמינים, וואָס קענען נישט זיין קיין מאמינים, וואָס גלויבט זיך זיי נישט טראָץ אַלעם, און זיי דווקא מאַטערט די פראַגע פון „מה אנו ומה היינו", מער ווי זי מאַטערט דעם מאמין. און דער נישט־מאמין וויל דאָך אויך לעבן און האָבן אַן אינהאַלט אינעם לעבן. וואָס ענטפערט מען אים אויף דער פראַגע „מה היינו" ? ער גלויבט, אַז ער קען נישט גלויבן. וואָס איז די עצה פאַר אים ?

יאָ. יאָ. אָט דאָס איז טאַקע די פראַגע, הערן זיך קולות פון אַלע זייטן מיטאַמאָל.

דער הויפּט־שמועסער, ווייזט אויס, אַ מאמין, האָט באַרו־איקט דעם עולם, זאָגנדיק : בעצם האָב איך געדאַרפט די פראַגע שטעלן די נישט־מאמינים. אדרבה, זאָלן זיי ענטפערן אויף דער פראַגע. אָבער איך בין גרייט פּרוּוון זיי צו העלפן :

די רפואה, זיי זאָלן אויפהערן זיך נאַרן און אויפהערן זיך שעמען. עס איז דאָך נאָר זעלבסט־נאַרעריי ווען מען זאָגט מען גלויבט נישט. עס איז נישטאָ אַזאַ זאַך. עס ווענדעט זיך נאָר אין וואָס מען גלויבט און אין וואָס מען גלויבט נישט.

איינער גלויבט, אַז ער קען נישט גלויבן און איינער גלויבט אין אידעען. איינער גלויבט אין עסן און אין טרינקען און אין אַנדערע פאַרגעניגנס. איינער גלויבט אין כוח, אין הערשן און באַהערשן, איינער גלויבט אין כבוד, גאווה, אין זוכן, וועלן וויסן,

העלפן יענעם, טוען גוטס, לערנען, בילדונג א. אַ. וו. טויזנטער זאַכן. די אַלע זאַכן, דער וואָס גיט זיך איבער צו זיי מיט לייב און לעבן — גלויבט ער דאָך אין זיי. נישט וויכטיק אין וואָס דאָס גלויבן זיינס דריקט זיך אויס, אָבער עס איז דאָך נישט מער ווי אַ געפיל אַ ספּעציפיש פאַר יעדן איינעם באַזונדער. עס איז דאָך נישט קיין אמת, וועלכן מען קען וויסנשאַפטלעך אויסווייזן. וואָלט עס אַזוי געווען, וואָלטן דאָך אַלע אויסגע־קליבן דעם זעלבן אמת. איז עס דאָך נאָר יעדן איינעמס אמת, לויט זיין געפיל, זיין פאַרשטאַנד, זיין דערציאונג, זיין אומ־געבונג א. אַ. וו.

דאָס זאָגן און טיילן די וועלט אויף גלויביקע און נישט־גלויביקע איז אַ פאַלשע, נישט־אמתע פאַרטיילונג. אין אמתן גלויבן אַלע. די פראַגע איז נאָר אין וואָס גלויבט מען און וואָס זיינען די רעזולטאַטן פון דעם גלויבן: צי גלויבט מען אין אמת און מען זוכט גוטס צו טאָן, אָדער מען גלויבט אין שקר און מען זוכט שלעכטס צו טאָן.

נאָך אַ זאַך: אין אמתן הויבט זיך אָן מכלומרשט דאָס נישט גלויבן אין דעם מאָמענט, ווען דער מענטש הערט אויף צו זיין אַ בן־חורין, אַ מענטש וואָס טוט אַלץ מיט אויסרעכענונג און פרייען ווילן. אין דעם מאָמענט ווערט ער פאַרשקלאַפט צום אַרומיקן, צו זיינע אינערלעכע נישט־קאָנטראָלירטע רצונות. ער טוט אַלץ צוליב אימפּולסיווע שטויסן. און ווען ער הערט אויף צו זיין אַ בן־חורין און ווערט אַן עבד צו זיינע נישט־קאָנטראָ־לירטע רצונות, און דאָס געוויסן הויבט אים אָן צו פּייניקן, און קיין כוח אויף גיין צוריק האָט ער נישט — הויבט ער אָן טענהן

און שרייען: איך גלויב נישט! אזוי אַרום מיינט ער זיך צו באַרואיקן. אזוי אַרום מיינט ער זיך זעלבסט צו גענאַרן. ער מיינט, אַז ווען ער זאָגט, אַז ער גלויבט נישט, איז שוין די גאַנצע וועלט זיין און ער קען און מעג שוין טאָן אַלץ וואָס ער וויל און וואָס עס גליסט זיך אים אונטערן דרוק פון מאָמענטאַלע ווירקונגען, אויסערלעכע אָדער אינערלעכע.

דער ענטפער פאַר נישט־גלויביקע איז דעריבער: הערט אייך אויף צו גענאַרן, אַז איר גלויבט נישט. אַלע גלויבן. דער אונטערשיד איז נאָר אין וואָס מען גלויבט. איינער גלויבט אין אמת און אין גוטס און אַ צווייטער פאַרקערט...

דאָס איז נישט פון די לייכטע זאַכן זיין אַ מודה על האמת. עס איז שווערער ווי צו גלויבן אין אמת, באַזונדערס נאָכדעם ווי מען פאַרפלאָנטערט זיך האַלטנדיק דעם שקר פאַר אַן אמת. עס איז דאַן זייער שווער דעם שקר אַוועקצוואַרפן... שווערער ווי עס איז אַוועקצוואַרפן דעם אמת...

יאָ, דאָס איז אמת! אָבער פאַר דעם אמת איז כדאי אַוועק־צוואַרפן דעם שקר!

# אמת, גוטס און שלעכטס

מען פלעגט זאָגן: וואָס איז דער אונטערשיד צווישן מתנג־דים און חסידים — „דערהערן" אָדער „איינהערן".

מתנגדים זאָגן: מען דאַרף קענען דערהערן. דאָס הייסט: ווען אַ גדול זאָגט אַ וואָרט, אפילו אַ שיחת־חולין, דאַרף מען קענען דערהערן די כוונה בבחינת „שיחת חולין של תלמידי חכמים צריכים לימוד"...

חסידים זאָגן: מען דאַרף קענען זיך איינהערן, דאָס הייסט: ווען אַ פּשוטער ייד, אַ ייד אַ תמים זאָגט אַ וואָרט, דאַרף מען קענען זיך איינהערן דעם טיפערן מיין פון דעם וואָרט פון אַ פּשוטן ייד בבחינת: „קול המון, כקול שד־י"...

און נאָך: וויל מען „דערהערן", גיי צו מנחה און מעריב אין אַ מוסר־ישיבה, אין אַ מוסר־בית־המדרש. דאָרט קען מען עפּעס דערהערן... וויל מען זיך „איינהערן", גיי צו מנחה און מעריב אין אַ פּשוטן בית־המדרש, ווו יידן וואַרטן נאָך מנחה ביז עס וועלן זיין שטערן, כדי צו קענען דאַווענען מעריב און דערווייל כאַפּט מען אַ שמועס, סתם זיך אַזוי. די שמועסן זיינען פול מיט „חכמת חיים", מיט לעבנס־חכמה, ווו מען קען זיך „איינהערן"...

איז מען שוין מיד פון „דערהערן" די אַלע „חכמות" פון די „גדולים", ווו איינער ווייזט אויף דעם צווייטן וואָס פאַר־אַ

גרויסער „איש אמת״ ער איז, וואָס פאַר־אַ „חכם הרזים״ ער איז, אַז ער קען נישט „לפני מלכים יתיצב״, און דער צווייטער ווייזט אויף, אַז דער „איש אמת״ האָט נאָך קיינמאָל נישט מקיים געווען קיין הבטחה אפילו ווען זי איז געגעבן געוואָרן באלה ובשבועה, לעיני כל ישראל. קומט אַ דריטער און ווייזט אויף באותות ובמופתים, אַז אַלע זאָגן דעם אמת. דאָס הייסט: וואָס איינער זאָגט אויפן צווייטן און אויפן דריטן, איז אמת...

אין אַזאַ „אמתדיקער וועלט״, אין וועלכער די גדולים שפּילן די הויפּט־פידל, ציט עס אַריין אין בית־המדרש, זיך איינצוהערן וועגן וואָס טראַכטן פשוטע תמימותדיקע יידן, וואָס זיינען זייערע אמתן, וואָס איז זייער וועלט.

האָט מען דאָך אונז שוין לאַנג געלערנט: „אם פגע בך מנוול זה״ (נישט וויכטיק ווער עס איז דער מנוול, ער איז דאָ אומעטום, ווו מען דרייט זיך, מען דאַרף אים נישט ווייט זוכן ביי אַנדערע, ער איז לעבן יעדן איינעם, ווען מען לאָזט אים נאָר צו, און ווו מען לאָזט אים נאָר צו...). „משכהו לבית המדרש״ — וועט ער באַלד אַנטלויפן, אין בית־המדרש אַריין וועט ער דיך נישט באַגלייטן.

✶

הערט מען זיך טאַקע איין, ווי פשוטע, תמימותדיקע יידן רעדן צווישן זיך נישט וועגן „וועלט־אמתן״, נישט וועגן „אמתע גדולים״ און אפילו נישט וועגן „גדולי האמת״; נישט וועגן „התחיבות־ברעכער״, נישט וועגן „מי שפּרעניקעס״, נאָר גאָר וועגן אַ פשוטער זאַך: „איזוהי הדרך שיבור לו האדם״, קען זיין, אַז די צייט האָט געברענגט די יידן צו דעם שמועס חודש אלול.

ווי עס זאָל נישט זיין, איז דער שמועס געוועזן אַ סך טיפער, אַ סך אמתער, ווי די אויבערפלעכלעכע „וואַל־רעדעס", ווי די „אמתן" וואָס איינער איז מגלה ביים צווייטן.

★

זאָגט אַ ייד: „כל עמל אדם לפיהו"... אַלץ וואָס דער מענטש טוט, טוט ער נאָר פאַר זיך. טוט ער גוטס — טוט ער עס פאַר זיך, ווייסנדיק, אַז דאָס וועט זיין גוט פאַר זיך. טוט ער שלעכטס, איז עס אויך פאַר זיך, ווייל ער מיינט, אַז דאָס איז גוט פאַר זיך. יעדער מענטש מעסט גוטס און שלעכטס: צי עס איז גוט פאַר אים אָדער נישט. דעריבער, זיפצט דער ייד, „מה יתרון לאדם בכל עמלו אשר יעמול?". אַרבעט אַ מענטש אָפּ אַ גאַנץ לעבן אַלץ כדי עס זאָל אים זיין גוט, און לסוף פרעגט ער: „מה יתרון?". עס ווייזט זיך אַרויס, אַז זיין גאַנץ לעבן איז גאָרנישט געוועזן גוט פאַר אים. ער האָט גאָר קיין טובת־הנאה נישט געהאַט פונעם לעבן. ער האָט געאַרבעט, ער ווייסט אַליין נישט פאַר וועמען...

עס איז נישט אַזוי, ענטפערט אים אַ צווייטער: דער וואָס טוט גוטס, טוט עס, ווייל ער איז אַ גוטער און דער וואָס טוט שלעכטס, ווייל ער איז אַ שלעכטער.

אָט, אָט, האַקט אים יענער איבער די רייד, דאָס זאָג איך דאָך: דער גוטער טוט גוטס, ווייל ער האָט אַ הנאה פון טאָן גוטס און דער שלעכטער טוט שלעכטס, ווייל ער האָט אַ הנאה צו טאָן שלעכטס. טוען דאָך ביידע: אי דער גוטער, וואָס טוט גוטס, אי דער שלעכטער, וואָס טוט שלעכטס — טוען דאָך ביידע נאָר וואָס עס איז גוט פאַר זיך, פון וואָס יעדער האָט אַ הנאה.

איז דאָך „מקרה" אחד לרשע ולצדיק. איז דאָך נאָר אַ „מקרה", אַ צופאַל, וואָס דער רשע האָט האָט אַ הנאה פון רשעות און דער צדיק האָט אַ הנאה פון צדקות...

איר טראַכט אייך נישט אַריין אין דעם וואָס איר זאָגט, ענטפערט אים דער צווייטער שוין ברוגזה: אַז מען טוט גוטס, איז דאָך גוט פאַר דער גאַנצער וועלט, אויך פאַר דעם טוער גופא, און אַז מען טוט שלעכטס, טוט מען דאָך שלעכטס דער גאַנצער וועלט און דעם טוער גופא אויך. ווייל „סוף גנב לתליה" און דאָס מיינט מען נישט דווקא אַ גנב, נאָר יעדן וואָס טוט שלעכטס. אי, וואָס איר טענהט, אַז ער האָט אַ הנאה פון דעם וואָס ער טוט גוטס — איז וואָס דער מער? אונזערע חכמים האָבן שוין געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַ „הנאת הגוף בהדי מצווה". וואָס איז וויכטיק די כוונה, וויכטיק זיינען די מעשים. ביי אונז יידן איז דער עיקר „עשה" „ולא תעשה". מחשבה איז אַ גרויסע זאַך. ווו עס איז די מחשבה פון מענטש, דאָרט איז דער גאַנצער מענטש, אָבער כוונה אָן מעשה, איז פּוסטע רעדעריי.

יאָ אוודאי, אויך דער וואָס טוט גוטס האָט אַ הנאה דערפון, אָבער ער איז אַ בעל־בחירה, ער האָט געקענט טאָן שלעכטס. און אויך פאַרקערט: דער וואָס האָט געטאָן שלעכטס, האָט געקענט טאָן אָנשטאָט דעם — גוטס. ער איז דאָך אַ בעל־בחירה.

אוודאי, אוודאי — ענטפערט דער פותח בשיחה — האָט ער בחירה. דאָס טענה איך דאָך: יעדער קלייבט אויס צו טאָן דאָס וואָס ער האָט ליב, פון וואָס ער האָט אַ הנאה. איינער איז בוחר צו טאָן גוטס, ווייל ער האָט אַ הנאה פון טאָן גוטס. דער צווייטער קלייבט אויס צו טאָן שלעכטס, ווייל ער האָט אַ

הנאה פון טאָן שלעכטס. נישט איינער האָט אין זינען צו טאָן גוטס און נישט דער צווייטער האָט אין זינען צו טאָן שלעכטס. בײדע טוען וואָס זיי פילן, אַז דאָס איז גוט פאַר זיי...

איך פאַרשטיי אייך נישט, ציט דער צווייטער ייִד מיט די פּלייצעס. מען האָט דאָך אונדז געזאָגט: שכר־מצווה — מצווה. איז וואָס איז דער חסרון, אַז ער טוט די מצווה, ווייל ער האָט ליב צו טאָן אַ מצווה?

אָ, דער אונטערשיד איז אַ גרויסער: דאָרט טוט ער די מצווה, ווייל עס איז אַ מצווה, אפילו ווען ער האָט נישט קיין שום הנאה, אפילו ווען ער האָט נישט ליב צו טאָן אַ מצווה. איך רעד דאָך אָבער פון די, וועלכע האָבן אַ הנאה פון טאָן אַ מצווה. וואָס פאַר־אַ מצווה טוט ער, אַז ער טוט זיך אַ הנאה פאַר זיך?

דער צווייטער בלייבט נישט שולדיק: דעריבער האָט מען אונדז געזאָגט „ואהבת את השם אלוקיך", אַז מען זאָל נישט „משמש" זיין דעם רבונו של עולם „על מנת לקבל פרס" נאָר מתוך אהבה.

דער ערשטער עקשנט זיך ווייטער איין: און אַז מען האָט ליב דעם רבונו של עולם, האָט מען דאָך אויך אַ הנאה דערפון. איז עס דאָך ווידער פאַר זיך... פאַר זיין הנאה וועגן. נישט פאַרן רבונו של עולם. און מען האָט דאָך אונדז געלערנט, אַז אסור ליהנות משלחן גבוה, מען טאָר נישט קיין הנאה האָבן פון „שלחן גבוה"...

איר מאַכט בכלל אַ טעות — ענטפערט אים געלאַסן דער צווייטער: הנאה צו האָבן פונעם לעבן, פון ג־טס וועלט —

צוליב דעם איז דער מענטש באַשאַפן געוואָרן, לטוב לך כל הימים. נאָר דער אונטערשיד איז פון וואָס מען האָט אַ הנאה. האָט מען אַ הנאה פון גוטס, האָט מען אונז געזאָגט: ראה נתתי לפניכם את החיים ואת הטוב, את המות ואת הרע. האָט מען אַ הנאה פון גוטס, איז מען מקיים דעם „ובחרת בחיים". האָט מען אַ הנאה פון שלעכטס, קלייבט מען אויס שלעכטס פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער וועלט.

פון גוטס אַ הנאה האָבן, אדרבה ואדרבה. צוליב דעם איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן. „עתיד אדם ליתן דין וחשבון על כל מה שראה עיניו ולא אכל ממנו", האָט מען אונז געלערנט. מען דאַרף אָבער קענען אויסקלייבן דאָס גוטע פון עסן. „ומעץ הדעת — טוב". דאַרף מען אויסקלייבן דאָס גוטע. דאָס גוטע פון עץ הדעת דאַרף מען עסן, דאַרף מען אַ הנאה האָבן. „ורע" — דאָס שלעכטס פון עץ הדעת — „לא תאכל", טאָר מען נישט עסן.

כדי צו אַנטשיידן צווישן גוטס און שלעכטס האָט מען אונז געגעבן אַ סימן: „זה נהנה וזה לא חסר"... אָבער אויב צוליב מיין גוטס דאַרף איך פון יענעם עפּעס אַוועקנעמען, איז עס רשעות. דאָס איז דער אונטערשיד. די חז"ל האָבן עס בולטער אונטערגעשטראָכן וואָס איז אַ רשע. „בצערי דאחרינו לא ידעי", וואָס אין יענעמס צער ווייסן זיי גאָרנישט.

★

ווער ווייסט, ווי לאַנג דער שמועס וואָלט נאָך אַזוי אָנגעגאַנגען, ווען נישט דער שמש, וועלכער האָט פּלוצים געגעבן אַ

קלאַפּ אין טיש: „יידן, יידן — מעריב", און פאַרן עמוד איז שוין געשטאַנען אַ ייד, וועלכער האָט געזאָגט:

והוא רחום יכפר עוון — ולא ישחית.

אָט־אָט, זאָגט דער ייד: דער עיקר — „ולא ישחית"...

✶

איידער די יידן זיינען אהיימגעגאַנגען נאָך מעריב, זאָגט נאָך איינער צום צווייטן: ואהבת — הייסט, אפילו ווען עס טוט וויי... אָבער ווי נעמט מען אַזעלכע יידן, וועלכע זיינען מקיים דעם „ואהבת" — אפילו ווען עס טוט וויי, אפילו „כשנוטל את נפשך"? אַזאַ אהבה איז אַ זעלטענע זאַך. דאָס טרעפט אַ מאָל אין אַ דור, ווי אהבת דוד און יונתן...

דאָס דאַרף מען טאַקע לערנען פון רבונו של עולם: ער האָט אונז ליב, ווייל ער האָט אונז ליב: „הבוחר בעמו ישראל באהבה", אפילו ווען מיר פאַרגעסן, אַז אויך מיר האָבן אים ליב, דעם רבונו של עולם, און דעריבער זאָגן מיר צום רבונו של עולם: נצח ישראל לא ישקר... אַ ייד בלייבט אַ ייד. מי כעמך ישראל?

מיט דעם זיינען יידן אַהיימגעגאַנגען פון מנחה־מעריב: דער רבונו של עולם האָט אונז ליב, און נישט ווייניקער מיר אים.

אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט — האָבן זיך די יידן געווונטשן.

# די טויטע וועלט אַרום אונז

זיצן חסידישע יידן אין אַמעריקע צווישן מנחה און מעריב און „כאַפּן" אַ שמועס. כאילו לאַחר־יד באַרירט מען זאַכן וואָס שטייען ברומו של עולם. מען פּרוּווט זיך צו דערגרונטעווען צו דעם „אני" פונעם מענטש; ענטפערן אויף דעם „מה אני". פון איין זייט אַ קליין באַשעפענישל, פון דער צווייטער זייט אַ גאַנצער כל־יכול. פון איין זייט „כל שתה תחת רגליו", ער נעמט איין וועלטן; פון דער צווייטער זייט אַן אומבאַהאָלפענע בריאה וואָס קען זיך מיט זיך נישט קיין עצה געבן; וואָס ווייסט נישט ווי אַזוי הנאה צו האָבן פונעם לעבן, וואָס אים דאַכט זיך, אַז ער איז אַ גאַנצער בעל־הבית איבערן לעבן, און דאָך ווייסט ער נישט „מה אני ומה חיי?".

דער „שמועס" וואָס האָט זיך אָנגעהויבן סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין, אַרום די צוויי אַמעריקאַנער אַסטראָנאָטן, איז זייער שנעל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין חשבון־הנפש שמועס. אין אַ שיחה, אַ התוועדות וועגן די וועגן כובש צו זיין דעם „אני", דעם „אני, ואפסי עוד", וועלכער איז דער עיקר גורם צו אַלע צרות אויף דער וועלט, איז מען באַלד אַריבערגעגאַנגען צו די צוויי מידות רעות: קנאה און דער ווילן צו הערשן, לשלוט, וועלכע פון קין'ס צייטן ברענגט עס צו רציחה, צו שנאה, צו חורבן, צו תוהו ובוהו.

*

אָנגעהויבן האָט זיך די „שיחת חסידים" דורך אַ פראַגע, וועלכע איינער האָט געשטעלט: די וועלט גייט פּאָראויס. חדשות לבקרים. מיר שטייען שוין באַלד ביי די כוכבי־לכת. מען האָט שוין אַנטדעקט אַ גאַנצע טויטע וועלט, וואָס איז אַרום אונז, און דאָך האָט זיך דאָס געפיל, אַז מיר ווייסן נישט דאָדורך אָפּ־צושאַצן די לעבעדיקע וועלט, אין וועלכער מיר לעבן, נאָר מיר רייסן זיך צו דער טויטער וועלט... כאילו די לעבעדיקע וועלט, אין וועלכער מיר לעבן, דאָס לעבן איז אונז נמאס געוואָרן...

מען האָט שוין מגלה געווען אַ סך וואָס איז אַרום אונז, אפילו אַ טייל פון דעם למעלה און דעם למטה, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלץ אַרום אונז איז פייער און וואַסער, אַ זידיקער קעסל, אַ מין תוהו ובוהו, וועלכער פירט זיך לויט פעסטע יסודות און געזעצן. יאָ, אויך דער תוהו ובוהו האָט זיך זיינע תוהו ובוהו־חוקים פאַר זיין עקזיסטענץ. אָבער מיר האָבן נאָך נישט זוכה געווען מגלה צו זיין אַ משהו, עפּעס פון דער „נשמה שנתת בי"; מיר הויבן נישט אָן צו וויסן וואָס איז די נשמה, וואָס איז דאָס חיות אונזערעס, וואָס איז דער כוח־החיים און דער כוח־הקיום אינעם מענטש אַליין.

אייגנטלעך איז אין די אַלע חידושים נישטאָ קיין חידוש. אין פאַרשידענע ערטער ביי די חז"ל אין גמרא און אין מדרש זיינען דאָ השערות וועגן די פאַרשידענע כוכבי־לכת, וועגן דער מעגלעכקייט אַז דאָרט זיינען דאָ לעבנס, חיים. עס ווערט אפילו דערמאָנט דער מרחק אין שטח פון דעם כדור־הארץ צו דער לבנה, אַז דאָס זאָל זיין אַ מרחק פון פינף הונדערט יאָר גאַנג

צופום. אזוי אַז אין די אַלע הידושים איז קיין חידוש נישטאָ. מעגלעך ווען מיר וואָלט נישט געווען פאַרלאָזט ארץ־ישראל; ווען מיר וואָלטן נישט געווען געגאַנגען און זיצן צוויי טויזנט יאָר אין גלות; — וואָלטן מיר שוין אַ סך ווייטער געהאַלטן. בעצם האָבן דאָך אונזערע נביאים געזען אַ סך ווייטער... ווי אַ שטייגער דער נביא יחזקאל און אַנדערע.

דער אונטערשיד איז נאָר, וואָס ווען זיי וואָלטן זוכה געווען אָנצוזאָגן דער וועלט די חדשות פון כיבוש החלל א. אַ. וו. וואָלט עס געאַנגנגען צוזאַמען מיט דעם רוף פון כיבוש היצר, פון דער אייביקער יידישער שטרעבונג צו גוטס, צום וועלט־שלום. מיר וואָלטן דער וועלט אָנגעזאָגט דעם „מי ברא אלה"; ווער האָט געשאַפן די וועלט מיט אירע אַלע פּלאַנעטן און געזעצן פאַר יעדן פּלאַנעט באַזונדער, און אויב עס איז דאָ אַ ברא, איז דאָך דאָ אַ בעל־הבית אויף דער וועלט, וואָס פירט די וועלט. איז, מיט וואָס האָבן מיר זיך גרויס צו האַלטן; מיט וואָס האָבן מיר די רעכט צו וועלן הערשן איינער איבער דעם צווייטן. האָבן מיר אָבער נישט זוכה געווען, זיינען די אַלע חדשות לבקרים אַן אָנזאָג פון נייע חורבנות, פון אַ נייער קאָנקורענץ: ווער איז שטאַרקער; ווער וועט דעם צווייטן באַהערשן און אים מכניע זיין, אים מאַכן פאַר אַן עבד.

וואָלטן מיר זוכה געווען, וואָלטן מיר געררופן די וועלט צו זען דעם „מי ברא אלה"; וואָלטן מיר געעפנט די אויערן פון דער וועלט צו דערהערן דעם „קול אלוקים", וואָס רופט צו דעם מענטש: איכה? דו האָסט שוין טאַקע מגלה געווען אַ גרויסן טייל פון דער וועלט, אָבער ווו ביזטו, מענטש, אין דער אַנט־

פלעקטער וועלט. ווו איז דיין פּלאַץ. האָבן מיר נישט זוכה געווען, האָבן אַנדערע מגלה געווען די פאַרהוילענע וועלט, און כאָטש זיי האָבן מיט דער אַנטפּלעקטער וועלט קיין שום שייכות נישט — וויל מען זי שוין באַהערשן. מען וויל שוין דאָרט אויפהענגען אַ מענטשלעכע פּאָן, כאילו דאָס וואָלט שוין געווען דעם מענטשנס וועלט. מען פּרוווט שוין גיין אין קינ׳ס וועגן און נאָך ווייטער: מען זאָגט שוין נישט „בוא ונחלק את העולם", נאָר מען וויל שוין ווערן דער אַליין־הערשער און מען סטראַשעט שוין מיט „ויקם ויהרגהו".

און נאָך: אַ ייִד וועלכער וויל דערגיין די סודות פון דער בריאה, איז עס כדאי ער זאָל קענען ווייזן מיט די פינגער און זאָגן „זה א־לי ואנוהו". אַנדערע להבדיל רייסן זיך אַרויף כדי פון דער אויבנדיקער תוהו ובוהו — חרוב מאַכן די וועלט, וואָס אין אָנבליק פון דעם עולם התוהו וואָס מען האָט אַנטדעקט, איז ער דאָך באמת אַ גן־עדן. נאָר דאָס באַנוצן זיך מיט דעם „עץ־הדעת" פאַר דער צייט, כדי צו באַהערשן די וועלט איז מען עלול חרוב צו מאַכן דעם גן־עדן אויף דער וועלט און אים פאַרוואַנדלען אין אַ היראָשימאַ־גיהנום. וואָלטן מיר זוכה געווען, וואָלטן מיר פאַרשטאַנען דעם טייטש פון „מי השילוח" ומעת הדעת־הטוב דאַרף מען נאָר עסן דאָס גוטע. האָבן מיר נישט זוכה געווען, עסן מיר פון עץ הדעת „טוב ורע" צוזאַמען, האָט עס דעריבער אַזאַ פּנים, אַז יעדע אַנטפּלעקונג וואַרפט אָן אַן אימה ופחד אויף דער מענטשהייט.

✶

פאַרענדיקט האָט זיך דער שמועס, אַז דאָס אַליין איז אַ

רעזולטאַט פון קנאה, פון דעם ווילן צו הערשן, צו באַהערשן דעם צווייטן. „והאלוקים עשה את האדם ישר", גלייכע מענטשן קענען גיין צוזאַמען, לעבן צוזאַמען, עס איז דאָ פּלאַץ פאַר אַלע. די וועלט איז געגוג גרויס, אָבער „והמה בקשו חשבונות רבים". שטענדיק געקוקט צו דעם צווייטן. אים מקנא געווען, אים געוואָלט נאָכטאָן און ווייל אויב ער וועט זיין ווי דער צווייטער, וועט ער נישט זיין קיין מורנו, וועט ער נישט זיין קיין מיוחס. דעריבער גלייכצייטיק מיט דעם ווילן נאָכצוטאָן אַנדערע, וויל מען די אַנדערע פאַרניכטן, פאַרטיליקן. ווייל אין אמתן דורך נאָכטאָן אַנדערע — הערט מען דאָך אויף צו זיין וואָס מען איז, ווערט פאַרטושט דער אייגענער איך. און אַז מען פאַרלירט דעם אייגענעם איך, הערט מען דאָך בכלל אויף צו עקזיסטירן.

די היינטיקע וועלט מיט אירע חדשות לבקרים וויל זיך אַליין אונטערברענגען, אויפהערן צו עקזיסטירן, צוריקפירן די וועלט צום תוהו ובוהו. נאָר נישט געזאָרגט, האָט פאַרענדיקט דער חסיד דעם שמועס: „ורוח אלוקים מרחפת על פני המים" און לא תוהו בראו... די וועלט וועט ווייטער עקזיסטירן און עס וועט קומען דער טאָג ווען אַלע וועלן ווינן „כי לך תכרע כל ברך"...

✶

אָט אַזוי אין דעם ליכט זיצן חסידים און שמועסן און זען די לעצטע נייעס...

